ישראל עפּרויקין

# אויפּקום און אומקום
# פון יידישע גלות-שפּראַכן
# און דיאַלעקטן



*Donated by*

*Mr. Solly Cohen*

*in memory of his late wife*

*Julia Cohen*

*died 25th August, 1942.*

ישראל עפרויקין



# אויפקום און אומקום פון יידישע גלות-שפּראכן און דיאַלעקטן

פאַרלאַג „קיום"  פּאַריז 1951

## I. JEFROYKIN



# NAISSANCE ET DISPARITION DES LANGUES JUIVES DE LA DIASPORA

EDITION « KIYOUM »
PARIS 1951

Imp. S.N.I.E., 32, r. de Ménilmontant PARIS (20e)

# א. דער נס פון יידישן גלות און דער וונדער פון יידישע שפראַכן

פונקט ווי דער יידישער גלות גופא איז אַן אוניקום אין דער געשיכטע פון מענטשלעכע קיבוצים, אקוראַט אַזוי זענען די יידישע גלות־שפראַכן אַן איינציקע דערשיינונג אין דער געשיכטע פון מענטשלעכע שפראַכן. דער דרך־העולם איז, אַז אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט, וואָס לעבט נישט אויף אַ באַשטימטער אָפּגעגרענעצטער טעריטאָריע, זאָל אין משך פון אַ געוויסער צייט, אַמאָל אַ קירצערער, אַמאָל אַ לענגערער, זיך אויסמישן מיט דעם מערהייט־פאָלק. און ס'איז אויך די טבע פון יעדער מינדערהייט־שפראַך, וואָס האָט נישט קיין אחיזה אין אַ באַשטימטן געאָגראַפישן שטח, זי זאָל מיט דער צייט פאַרשווינדן אין די אינגעווייד פון דער אַרומיקער הערשנדיקער שפראַך. דער א ו י פ ק ו ם פון יידישן גלות איז מאַקע געווען אַ רעזולטאַט פון אַ רייע קאַטאַסטראָפעס, וואָס זענען געקומען אויפן יידישן פאָלק נישט בלויז מחמת דער שטאַרקייט פונם אויסערלעכן שונא, נאָר אויך צוליב די זינד פונם יידישן פאָלק, מחמת דער אינעווייניקסטער גייסטיקער שוואַכקייט, וואָס האָט געמינערט זיין ווידערשטאַנדס־פעאיקייט קעגן פרעמדע אָפּגעטער און קולטורן. אָבער דער ק י ו ם פון יידישן גלות איז געווען אַ סימן, אַז דאָס ביסל גייסטיקע קראַפט, וואָס דאָס פאָלק האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פונם לאַנד, פון וואַנען עס איז פאַרטריבן געוואָרן, און

די נייע כוחות, וואָס עס האָט אָנגעזאַמלט אין די גלות־לענדער, זענען געווען נאָך געווען שטאַרק אויף גובר צו זיין דעם גלות אין גלות גופא. אַ סוף צום יידישן גלות האָט געקענט קומען אָדער דורך אויסלייזונג אָדער דורך אויפלייזונג. דער ערשטער וועג, דער וועג פון צוריק־קער צום אייגענעם לאַנד, איז געווען פאַרשלאָסן. אויפן צווייטן וועג פון אויפלייזונג און נאַציאָנאַלן אומקום זע־נען געגאַנגען אַלע אַנדערע מינדערהייטן. יידן האָבן אויסגעקליבן אַ דריטן וועג: אויב דער גורל האָט שוין יאָ פאַרמשפּט צו לעבן אין גלות, דאָרט לעבן ווי אַ פאָלק, הגם אָן אַ היים.

פּונקט ווי יידן האָבן אויסגעקליבן אַ באַזונדערן וועג כדי אָפּצוהיטן זייער ספּעציפישן לעבנס־איינ־האַלט, פּונקט אַזוי האָבן זיי אומעטום אין די גלות־לענדער זיך געשאַפן אַ באַזונדערע שפּראַך־פאָרם, דעם דאָזיקן אינהאַלט אויסצודריקן. יידן זענען נישט גע־ווען דאָס איינציק פאָלק, וואָס האָט זיין נאַציאָנאַלע שפּראַך פאַרלאָרן און איבערגענומען די שפּראַך פון דער אַרומיקער מערהייט. אָבער עס איז געווען אַ גרויסער חילוק, אפילו גאַנצע צוויי גרויסע חילוקים, צווישן זיי און די איבעריקע פעלקער, וואָס אויך זיי האָט געטראָפן דער אומגליק צו פאַרלירן זייער שטאַם־לשון. ראשית, האָבן יידן זייער מוטער־שפּראַך פאַרלאָרן בלויז אין מויל, אָבער נישט אין הארצן, נישט אין דער נשמה. זי איז פאַרבליבן זייער געדאַנק־ און שריפט־שפּראַך און איז דערפאַר קיינמאָל נישט געשטאָרבן, נייערט ממשיך געווען איר לעבן, הגם נישט קיין נאָרמאַל לעבן, נאָר אַ לעבן אַ יוצא מן הכלל, פּונקט אַזאַ יוצא מן הכלל ווי די עקזיסטענץ פון פאָלק גופא איז געווען אין גלות.

והשנית, זיי האָבן טאַקע איבערגענומען אַ פרעמדע שפּראַך פאַר זייער טאָג־טעגלעכן געברויך, אָבער זי ניט איבערגענומען ווי זי שטייט און גייט. יידן זענען נישט געוואָרן ווי די אַנדערע מינדערהייטן, קיין שפּראַכלעכע פּאַראַזיטן, וואָס לעבן אויף „פרעמדע קעסט", נייערט זיי האָבן די פרעמדע שפּראַך־כלי איבערגעפּורעמט און צוגעפּאַסט צו זייער געדאַנק און צו זייער אייגענער שפּראַכלעכער טראַדיציע. דער קוואַל פון די לעבעדיקע זאַפטן פון העברעאיש, אָפּגעריסן פון איר היים־לאַנד, האָט ווייטער געקוועלט ניט בלויז אין אָט דער שפּראַך גופא, אַלס שריפט־שפּראַך, נאָר זיך איבערגעגאָסן אויך אין דעם צווייטן שפּראַך־געפעס, וואָס יידן זענען געצוווּנגען געווען צו באַנוצן אין די גלות־לענדער.

און כאָטש די דאָזיקע שפּראַכן זענען געווען לכתחילה אַ רעזולטאַט פון אַסימילאַציע, פון צופּאַסונג צום אַרום, זענען זיי אָבער בדיעבד דורך יידישן ווילן און יידישער שעפערישקייט, געוואָרן אַ סגולה צו אַן אייגן לעבן אין דער פרעמד.

אַסימילאַציע צו אַסימילאַציע איז נישט גלייך. אויך אַמאָליקע יידן האָבן נישט געקענט אין דער פרעמד לעבן ווי אין דער היים, אָפּגעשניטן פון איטליכן קאָנטאַקט מיט זייערע שכנים און ברויט־געבער. אַפילו נישט אין דעם מיטלעלטערלעכן געטאָ, ווו צום אינעווייניקסטן יידישן באַדערפעניש זיך צו איזאָלירן פון דער וועלט, איז צוגעקומען דער אויסערלעכער צוואַנג צו סעגרעגאַציע. אָבער יענע אַסימילאַציע, להיפוך צו דער הייגנטיקער, איז געווען בלויז אַן אַסימילאַציע בשוגג אָבער נישט במזיד, אַ נויטווענדיקייט, אָבער נישט קיין אידע־

אל — אויף אונזער היינטיקן לשון. אזא כאראקטער האט אויך געטראגן די שפראכלעכע אסימילאציע פון יידן אין אלטערטום און מיטלאלטער ביז צום אנהויב פון די מאדערנע צייטן, ביז צו דער עמאנציפאציע־תקופה.

צוויי געזעצן האבן געהערשט אין דער יידישער שפראך - געשיכטע : דאס געזעץ פון דער פערמאנענץ פון העברעאיש, ווי די אייביקע און שותפותדיקע שפראך פון די יידן אין אלע תפוצות, און דאס געזעץ פון דער שטענדיקייט פון יידישע גלות־שפראכן, פארשיידן לויט צייטן און לענדער, אבער תמיד מיטן יידישן חותם אויף זיי, מיטן יידישן גערדאנק און יידישן געפיל אין זיי. העברעאיש איז תמיד געווען און וועט בלייבן די העכסטע מדרגה אין דער יידישער שפראך־פיראמידע, ווייל זי איז די איינהייט אין דער איינהייט. דא ליגט איר שטארקייט, איר יחוס, איר לאנגע און געהייליקטע טראדיציע און במילא איר, מיט קיין אנדערער יידישער שפראך נישט צו פארגלייכנדיקע, שעפערישע פאטענץ. אבער די דאזיקע איינהייט האט העברעאיש געקענט דערגרייכן טאקע דערפאר, ווייל זי האט געשוועבט אין די הויכע ספערעס פון געדאנק, אדער געניטערט אין די טיפענישן פון מענטשלעכע און נאציאנאלע איבערלעבענישן. דאס האט איר געגעבן כוח זיך צו האלטן אויך דעמאלסט, ווען זי האט געדארפט בלייבן אויפן געוויינלעכן לעבנס־פלאך. עדות אויף דעם זענען די ליבע־לידער פון אן עמנואל הרומי און די האנדלס - קארעספאנדענץ אויף העברעאיש צווישן יידישע סוחרים. אין די יידישע גלות־שפראכן האט זיך מאניפעסטירט די יידישע גייסטיקע איינהייט אין דער פארשיידנקייט.

איינהייט דערפאר, ווייל זיי אלע זענען, ווי מיר וועלן נאך זען, באהערשט געווען פון איינהייטלעכן יידישן גייסט. פארשיידנקייט, ווייל ווי שפראכן פון טאג־טעג־לעכקייט, האבן זיי זיך געמוזט האלטן אין די נידעריקע לעבנס־ספערעס און די דאזיקע זענען פארשיידן לויט לאנד און צייט. אבער פונקט ווי העברעאיש האט, נישט געקוקט אויף איר הויכקייט, געקענט אטעמען אויך אין דער נידער ביי א געדיכטערן אטמאספערישן דרוק, פונקט אזוי האבן אויך די גלות־שפראכן געפונען אפט כוח זיך אויפצוהויבן ביז צו די העכסטע הויכן (קבלה און מוסר ספרים). אין דעם ויתרוצצו צווישן שבת און וואך, צווישן אייגנס און פרעמדס, צווישן איינהייט און פילהייט, איז געלעגן די פראבלעמאטיק פון די יידישע גלות־שפראכן, זייער שוואכקייט אבער אויך זייער שטארקייט, די נאטירלעכקייט און די ניסימדיקייט פון זייער עקזיסטענץ.

דערפון אליין זעט איר שוין באשיינפערלעך, אז יע־נע וואס געברויכן מיט פאראכטונג אדער אפילו בלויז מיט ביטול דעם טערמין „גלות־שפראכן", פארשוועכן דעם שעפערישן גייסט פון דער יידישער אומה, אקוראט ווי עס זינדיקן קעגן א לאנגער יידישער גע־שיכטע די, וואס קענען דאס ווארט גלות נישט ארויס־ברענגען אויף זייערע ליפן אן דעם אקצענט פון גרינג־שעצונג. אז עס וועט קומען די צייט, און גוטע גלויביקע יידן מוזן גלויבן דערין, ווען די נדחי ישראל וועלן ווי־דער צונויפגעזאמלט ווערן אינם לאנד ישראל, וועלן זיי שטעלן אין זייערע הערצער און אין זייערע שאפונגען א פארדינטן מאנומענט דעם לאנגן און פינצטערן יידישן גלות, ווען יידן האבן נישט דערלאזט, אז דער נר ישראל

זאָל אויסגעלאָשן ווערן און זענען בייגעקומען אַלע שטרויכלונגען אויפן לאַנגן וועג, כּדי סוף־כּל־סוף צו דערגיין צו זיך אַ היים. און דעמאָלסט וועט מען זיך אויך דערמאָנען, אַז איינע פון די ליכט־שטראַלן, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן דורך דער געדיכטער גלות־פינצטערניש, זענען געווען די יידישע גלות־שפּראַכן.

אין די פרעמדע שפּראַכן האָבן יידן נישט געזוכט די אַטמאָספער ווו גייסטיק זיך אויסצולעבן; פאַר זיך אַליין, נאָר בלויז אַ מיטל צו לעבן מיט אַנדערע, אַ טעכנישן אינסטרומענט צו קענען קאָמוניקירן מיטן שכן, מיטן גוי, מיט די הויף־לייט און די פּריצים אַמאָל, מיטן בירגער, פּויער און אַרבעטער אין שפּעטערדיקע צייטן. און בעת די גייסטיקע באַדערפענישן פון דעם „געמיינעם מאַן" און פון דער יידענע האָבן בלויז צום טייל געקענט געפינען אַ באַפרידיקונג אין דער יידישער ליטעראַטור־שפּראַך — העברעאיש — און די חכמים און געלערנטע האָבן איינגעזען די נויטיקייט זיי צו געבן גייסטיקע שפּייז אין אַ מער צוטריטלעכער פאָרם, האָט מען גענוצט אָנקומען צו דער פאַר אַלעמען פאַרשטענדלעכער אומגאַנגס־שפּראַך, צום „לשון־הדיוט" און פון איר מאַכן אַ כּלי וואָס זאָל קענען מקבּל זיין און אויפהאַלטן שבת־דיקייט און הייליקייט. איז די פרעמדע שפּראַך לויט איר אָפּשטאַם, וואָס יידן האָבן זי שוין פריער פאַר־יידישט אין זייערע באַציאונגען צווישן זיך, נאָך גייס־טיקער, נאָך יידישער געוואָרן אין דער שריפט. ס'איז אַ דבר ידוע, אַז די יידישע שפּראַכן זענען אין דער שריפט נאָך ווייטער אַוועק פון זייער פרעמדן מקור ווי בעת זיי זענען געווען בלויז גערעדטע שפּראַכן.

און געשען איז עפּעס אַזוינס, וואָס חזרט זיך אָפּט איבער אין דער געשיכטע. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס פון דער גויטוועגדיקייט צו באַנוצן אַ פרעמדע שפּראַך פאַרן טאָג־טעגלעכן געברויך, אַ חיונה־שפּראַך, וואָרעם אַ לשון פאַר קולטור האָבן יידן מיטגעבראַכט פון דער היים און זיך טריי געבליבן און אָפּגעהיט אויף אַלע זייערע וואַנ־דער־וועגן, און אויסגעלאָזט האָט זיך דאָס דערמיט, וואָס זיי האָבן די פרעמדע שפּראַך פאַרוואַנדלט אין אַ גייס־טיקן אינסטרומענט. אָבער בעת דאָס איז געשען, איז זי שוין מער נישט געווען קיין פרעמדע, נאָר אַ שטיק יידיש אייגנס.

היות, ווי לכתחילה איז די כוונה ביים איבערנעמען אַ פרעמדע שפּראַך געווען נישט קיין גייסטיקע נאָר אַ מאַטעריעלע, האָבן יידן אפילו בעת זיי האָבן שוין אָנ־געהויבן צו באַנוצן די עלעמענטן פון דער פרעמדער שפּראַך פאַר געהויבענע ענינים, נאָך אַלץ געברויכט נישט די ק ו ל ט ו ר ־ ש פּ ר אַ ך פון די אַרומיקע פעל־קער נאָר זייער ט אָ ג ־ ט ע ג ל ע כ ן ד י אַ ־ ל ע ק ט, איבערגעקאַכט אין אַ יידישן פורעם. אַז לאַ־טיין איז געווען אין רוים און צום טייל אין דער רוימי־שער אימפּעריע, בפרט אין צפון־אַפריקע, די גערעדטע פאָלקס־שפּראַך, האָבן אויך יידן זי באַנוצט אין וואָרט און צום טייל אויך אין שריפט. אָבער בעת לאַטיין האָט אויפגעהערט צו זיין די לעבעדיקע אומגאַנגס־שפּראַך און זיך פאַרוואַנדלט אין דער שריפט־ און קולטור־שפּראַך פון די קריסטלעכע פעלקער און אַלס אַזוינע געהערשט ביז ווייט אין 17־טן יאָרהונדערט אַריין, האָבן יידן איבערגענומען אין מערב־אייראָפּע די „וואולגאַרע שפּראַך“ פון די ראָמאַנישע פעלקער, פונקט ווי אין

די סלאַווישע מדינות האָבן יידן גערעדט און געשריבן אויף די פּראָווינציעלע דיאַלעקטן און ניט אויף אַלט־סלאַוויש, דער שפּראַך פון שריפט און פון דער קירך. און ס'איז פאָרגעקומען אַן אויסטערלישע זאַך. בעת ביי אַ רייע פעלקער, וואָס ביי זיי האָבן יידן איבערגענומען זייער שפּראַך, איז נאָך די לעצטע געבליבן אויף דעם נידעריקן שטאַפּל פון אַ גערעדטן דיאַלעקט, וואָס מ'האָט כמעט נישט באַנוצט אין שריפט, איז זי גראַד ביי יידן, אין אַ יידישער פאָרם, דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַטור־שפּראַך, אַ מדרגה, וואָס ביים שטאַם־פאָלק האָט זי ערשט דערגרייכט מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער, בפרט בעת לאַטייניש האָט אויפגעהערט צו זיין דער איינציקער ליטעראַרישער שפּראַך־אינסטרומענט פון די מערב־פעלקער.

אַלס אילוסטראַציע קען דינען דער פאַקט, וואָס די לינגוויסטן, וואָס פאַרנעמען זיך מיטן פאָרשן פון דער אַלט־פראַנצויזישער שפּראַך, מוזן אָנקומען צו די לועזים פון די יידישע ווערק פון צענטן און עלפטן יאָרהונדערט, בפרט צו די גלאָסן פון רבינו גרשום און רש״י, ווייל צו יענער צייט האָט מען פראַנצויזיש נישט באַנוצט, חוץ זעלטענע אויסנאַמען, אין אַקטן און דאָקומענטן, וועלכע מען פלעגט שרייבן אויף לאַטייניש. שריפטלעכע דאָקומענטן אויף פראַנצויזיש באַווייזן זיך ערשט ביים סוף פון צוועלפטן יאָרהונדערט 1). רש״י, ווי אַ מקור פאַר פראַנצויזישער שפּראַך־פאָרשונג, איז מער ווי אַ גע־

1) Louis Brandin : Les glosses françaises de Gerschom de Metz. Revue des Etudes Juives, tome XLII, No 83.

שיכטלעכער און לינגוויסטישער קוריאָז. דאָס באַנוצן פון דער וווּלגאַרער שפּראַך פון אַרומיקן פאָלק איז אַ געזעץ פאַר אַלע יידישע שפּראַכן און די בעסטע ראיה פאַר זייער באַזונדער עקזיסטענץ אין אַלע עפּאָכעס פון דער יידישער גלות־געשיכטע און אין כמעט אַלע לענדער, ווו יידן האָבן געלעבט אין מער־ווייניקע גרויסע צאָלן. נעמט די ערשטע יידישע גלות־שפּראַך — אַראַמיש 2). אין דעם פּערסישן פּעריאָד איז די שפּראַך פון הויף און פון די הערשנדיקע קלאַסן אין בבל געווען ניט אַראַמיש נאָר פּערסיש. אָבער יידן האָבן דעמאָלסט, פּונקט פאַרקערט ווי עס טוען הייַנטיקע יידן, זיך געהאַלטן ביי דער שפּראַך פון פאָלק — אַראַמיש — און

2) איך באַצייכן אַראַמיש ווי אַ גלות-שפּראַך, הגם עס איז באַוווּסט, אַז אַ טייל יידן אין א״י גופא, בפרט אין צפון פון לאַנד, האָבן גערעדט אַראַמיש שוין אין דער תקופה פון בית שני. עס איז אָבער ראשית אַ היסטאָרישער פאַקט, אַז פאַרן ערשטן חורבן האָבן יידן גערעדט בלויז העברעאיש און אשוריש (אַראַמיש) אַפילו נישט פאַרשטאַנען (זע מלכים ב׳, י״ח, כ״ו). אַז די בני הגולה האָבן, קומענדיק פון בבל, מיטגעבראַכט מיט זיך דאָס אַראַמיש לשון איז מער ווי וואַרשיינלעך. עס איז אָבער זיכער, אַז אַראַמיש איז אַריינגעדרונגען אין א״י נישט בלויז דורך זיי, נאָר אויך פון אינעווייניק. אין וועלכן מאָמענט איז דאָס געשעען און ווי לאַנג האָט געדויערט די שפּראַכלעכע אַראַמיזירונג פון אַ טייל יידישער באַפעלקערונג אין ארץ ישראל גופא, לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן. ס׳איז אָבער קיין ספק נישט, אַז געשעען איז דאָס אַלס רעזולטאַט פון אויסערלעכער אונטערדריקונג. אַז סרגון מלך אַשור האָט באַצוווּנגען שומרון, האָט ער, אָנשטאָט די פאַרטריבענע יידן, קאָלאָניזירט דאָס לאַנד מיט פרעמדע (אַשורים, בבלים און אַראַמייער). נבוכדנאצר האָט פאַרטריבן פון ירושלים און זיינע אומגעגנטן די אינטעליגענץ און די רייכערע קלאַסן — די דעמאָלסטיקע טרעגער פון דער נאַציאָנאַלער קולטור. און הגם ער האָט דאָרט קיין פרעמדע איינוווינער נישט באַזעצט, האָט אָבער שוין אויך יהודה פאַרלאָרן הן איר גייסטיקן גלאַנץ, הן איר יידישן כאַראַקטער,

זי געמאַכט פאַר אַן אייגן יידיש לשון. ביי אַראַמיש זע־נען יידן אויך געבליבן נאָך די נצחונות פון אלכסנדר מוקדון, ווען בבל איז געוואָרן אַ טייל פון זיין אימפּע־ריע און פון דעם העלעניסטישן קולטור־קרייז מיט גריכיש אַלס די קולטור־שפּראַך.

נאָר אַפילו אין די מקומות, ווו אַ טייל יידן איז אַרי־בערגעגאַנגען צו דער גריכישער שפּראַך (מצרים, קליין־אַזיע א. אַז. וו.), איז ווידער אַמאָל זייער גריכיש געווען נישט די שפּראַך פון די געלערנטע נאָר די „געמיינע" פאָלקס־שפּראַך. מיט וואָלגאַריזמען צייכענען זיך אויס די גריכישע תורה־איבערזעצונגען. נאָך מער, אַפילו דער גריכישער טעקסט פון די סינאָפּטישע עוואַנגעליעס, מסתמא איבערגעזעצט פון אַראַמיש דורך יידן, איז אַ סך נאָענטער צו דער גריכישער פאָלקס־שפּראַך, ווי זי איז דעמאָלסט גערעדט געוואָרן, ווי צו דעם ליטעראַרישן גריכיש 3).

אויך פאַר דער ערשטער לאַטיינישער ביבל־איבערזע־

---

לויט דעם צוזאַמענשטעל פון דער באַפעלקערונג. פרעמדע פעל-קערשאַפטן (אדום, כשדים, עמון און אַנדערע) האָבן פאַרנומען די פוסט-געוואָרענע פעלדער און די ליידיקע הייזער. ס'קען גרייליך געמאָלט זיין, אַז אַפילו אין יהודה זענען יידן אַזוי אַרום שוין דעמאָלסט געוואָרן אַ מינדערהייט, וואָס האָט זיך בכלל און שפּראַכ־לעך בפרט אויסגעמישט מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג (אַ רמז אויף אַן צוזאַמענהאַנג צווישן ביאָלאָגישער און שפּראַכלעכער אַסימילאַציע קען מען געפינען ביי נחמיה י"ג; כ"ג־כ"ד) במילא קען מען מיט רעכט באַצייכענען אַראַמיש אַלס אַ פּראָדוקט פון גלות, אַלס אַ גלות-שפּראַך.

3) Friedrich Blass' Grammatik des neutestamentlichen Griechisch, bearbeitet von Dr. Albert Debrunner. Sechste Auflage. Goetingen 1931, SS. 1-8.

צונג איז, ווי עס האט באוויזן דער באוווסטער ראמאַניסט דוד בלאנדהיים, כאראקטעריסטיש די פאלקסטימלעכקייט און די פשטות פון דער גערעדטער שפראך. משמעות, איז די דאזיקע איבערזעצונג געמאכט געווארן אדער דורך געשמדטע יידן אדער פון קריסטן, וואס האבן געלערנט העברעאיש ביי יידישע מלמדים 4).

מיט דער אייגענער דערשיינונג מוזן מיר זיך שפעטער אין דעם אראבישן לשון, וואס יידישע חכמים האבן גענוצט אין א סך א גרעסערן פארנעם ווי גריכיש אין דער פריערדיקער תקופה. אפילו ישראל פרידלענדער, וואס איז נישט מסכים מיט דער מיינונג פון א רייע אנדערע שפראך־פארשער און האלט נישט, אז מען קען אין דעם דאזיקן אראביש געפינען א באזונדערן יידישן דיאלעקט, אפילו ער אנערקענט, אז די יידישע מחברים האבן נישט געשריבן קיין קלאסיש אראביש און אז זיי האבן געהאט א נטיה צו געברויכן דעם גערעדטן וולגארן אראביש 5).

4) D. S. Blondheim, Les parlers judéo-romans et la Vetus Latina, Paris 1925, pp. CXX-CXXIII.

5) Israel Friedlaender, Der Sprachgebrauch des Maimonides, Leipzig 1901, SS. XI - XII.

# ב. דער קוק אויף יידישע שפראַכן אַמאָל און היינט

דער גילגול פון דער „געמיינער" פרעמדער שפּראַך אין אַ יידישער און ליטעראַרישער איז איינע פון די גרעסטע פלאים נישט בלויז אין דער יידישער נאָר אויך אין דער אַלגעמיינער שפּראַך - געשיכטע. עס זענען געווען, און זענען נאָך היינט פאַראַן, יידן, און דווקא נישט קיין פּראָסטאַקעס, נאָר וווילגעלערנטע און הויכגעלערנטע, וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען בלינד פאַרביי דעם דאָזיקן וווּנדער. געפינען מיר זיך מאַקע היינט אין דער משונהדיקער לאַגע, וואָס מיר זענען אפשר דאָס איינציקע קולטור־פאָלק אויף דער וועלט, וואָס האָט נישט קיין אייגענע שפּראַך־וויסנשאַפט. אפילו יידישיסטן האָבן על פי רוב געקוקט אויף יידיש ווי אויף אַן איינצל־דערשיינונג און דערין, צווישן אַנדערע, האָט זיך באַוויזן דער „פּראָווינציאַליזם" פון דער יידישיסטישער באַוועגונג, וואָס האָט נישט דערלאָזט דערצו, זי זאָל זיך דערהויבן צו אַן אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער אידעע, צו אַ יידיש־געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו 5א). ערשט אַריינגע־שטעלט אין דער אַלגעמיינער ראַם פון יידישער געשיכט־

5א) ש. ניגער האָט יאָ געמאַכט אַ פּרווו אַריינצופּאַסן יידיש אין דער געשיכטלעכער ראַם פון יידישע גלות-שפּראַכן. געטאָן האָט ער עס בלויז אין צוזאַמענהאַנג מיט אַראַמיש. זע זיין חיבור „די צוויי־שפּראַכיקייט פון אונזער ליטעראַטור, 1941.

לעבער אַנטוויקלונג און פון יידישע שפּראַך־פאָרמירונ־גען, הערט יידיש אויף צו זיין פאָלקלאָר און ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ יידישער נאַציאָנאַלער שאַפונג פון ערשטער מדרגה. פונדעסטוועגן האָט די דאָזיקע באַווע־גונג דעם פאַרדינסט, וואָס לכל־הפּחות איינע פון אונזע־רע גלות־שפּראַכן, דער אשכנזישער יידיש, איז דאָך מער אָדער ווייניקער אויסגעפאָרשט. אָבער קיין יידישע כלל־פילאָלאָגיע, וואָס זאָל ארומנעמען פאַרשידענע יידישע שפּראַכן און דיאַלעקטן, האָבן מיר נאָך עד־היום נישט. און איך האָב מורא צו זאָגן, אַז די צייט פאַר אַזאַ פאָר־שונג איז שוין פאַרביי. ווארום מיר טרעטן אריין אין אַן עפּאָכע, ווען עס מערן זיך די סימנים פון ירידה פון די יידישע שפּראַכן און צוזאַמען דערמיט פאַלט דער לעבעדיקער אינטערעס צו זיי.

וואָלטן מיר געהאַט אַ יידישע לינגוויסטישע וויסנ־שאַפט, וואָלט זי זיכער אַנטפּלעקט פאַר אונז אין זייער גאַנצן פאַרנעם די פאַקטאָרן און די פאָרמען פון יידישע שפּראַך - בילדונגען, און מיר וואָלטן נישט געדאַרפט אָנקומען אויף צו באַווייזן די עקזיסטענץ גופא פון יידישע שפּראַכן צו צופעליקע עדות און צו איינצלנע אין דער אַלגעמיינער ליטעראַטור צעשפּרייטע ראיות, אַז די דאָ־זיקע שפּראַכן זענען נישט קיין בלינדער צופאַל און נישט קיין קאַפּריז פון יהידים, נייערט אַז צו זיי האָבן גע־פירט שטענדיקע געזעצן פון יידישן לעבנס־אינסטינקט און פון יידישער שעפערישקייט.

האָבן מאַקע די יידישע שפּראַכן, ווי זייער טרעגער — דאָס פאָלק — אַ „יידישן מזל". דווקא אין דער עפּאָ־כע, ווען ביי די אייראָפּעאישע פעלקער איז די שפּראַך־וויסנשאַפט אַרויס פון אירע וויקעלעך און געוואָרן אַ

חשובע דיסציפּלין פון פאָרשן און לערנען, איז ביי אונז אויפגעשטאַנען אַ דור, וואָס האָט זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו די יידישע פאָלקס־שפּראַכן. גראָד יידישע געלערנטע זענען געווען די, וואָס האָבן געגעבן אַ „טעאָרעטישע" באַגרינדונג פאַר דער פעלשונג, וואָס יידן האָבן אָנגעהויבן פעלשן אין אַלץ וואָס איז געווען אָריגינעל, אויטענטיש־יידיש, און אַהער געהערן בלי־ספק די יידישע שפּראַכן. אין זכות פון דער דאָזיקער פעלשונג, האָט מען געהאָפט זיך איינצוקויפן ביי דער גויישער וועלט, זי זאָל אונז אויפנעמען ווי אייגענע. און אַזוי איז עס געשען, אַז מען האָט מיט אומישנער עם־הארצות געמאַכט אַ תל פון אַן אמתער יידישער שאַפונג, און יידיש אייגנס, יידיש האָב און גוטס פאַרשריען פאַר פרעמדס. פעלקער ווי יחידים האַלטן זיך גרוים מיט אַלץ וואָס זיי אַליין האָבן באַשאַפן און פוצן זיך גאָר אָפט אַפילו אין פרעמדע פעדערן. יידן אָבער לייקענען שטיין און ביין און באַרימען זיך דווקא, אַז דאָס וואָס די וועלט באַטראַכט מיטרעכט אַלס זייערס, געהערט גאָר צו פרעמדע, אַבי ביי די דאָזיקע פרעמדע נושא־חן צו זיין און זיי צו באַווייזן, ווי געטריי און ווי בלינד מיר טוען זיי נאָך. וערט יידיש אינם מויל פון אַ יידישן געלערנטן, און דווקא פון אַזאַ פאָרמאַט ווי הענריך גרעץ, דערקלערט ווי אַ דייטשע שפּראַך, פונקט ווי דזשודעזמע איז פאַר אים דאָס לשון פון קאַסטיליע. קומט אויס, לויט גרעץ, אַז די יידן וואָס זענען, כדי צו ראַטעווען זייער לעבן, געלאָפן פון דייטשלאַנד קיין פוילן און ליטע, האָבן דידאָזיקע לענדער, פונקט ווי דאָס וואָלט געווען זייער כוונה, געמאַכט, דורך זייער שפּראַך „ביז אַ געוויסער מאָס פאַר אַ נייעם דייטשלאַנד". אקוראַט אַזוי האָבן די גולי ספרד, די גע־

ראַטעוועטע פון דער רוט פון דער אינקוויזיציע און פון דעם פייער פון די שייטערהויפנס, פאַרוואַנדלט טערקיי אין אַ נייע שפּאַניע. דייטשע יידן, פּונקט ווי די ספרדים, זאָגט גרעץ, זענען טריי געבליבן דער שפּראַך פון זייער אָפּשטאַם־לאַנד. קומט אויס, אַז נישט יידיש, נאָר דייטש האָט געגאָלטן ביי יידן ווי אַ הייליקע שפּראַך, לעבן העברעאיש 6). און דערביי מאַכט זיך דער דאָזיקער באמת גרויסער געלערנטער ווי נישט ווויסנדיק, אַז הווקא אַ היפּשע צאָל דייטשן, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט אין פרעמדע לענדער, האָבן אין משך פון אַ פּאָר דורות זייער דייטשע שפּראַך פאַרלאָזט און איבערגענומען די שפּראַך פון דער מערהייט. אַזוי אַרום קומט אויס, אַז יידן זענען אין דער פרעמד געבליבן די איינציקע היטער פון דער דייטשער קולטור און שפּראַך.

פאַר לעאָפּאָלד צונץ איז יידיש אַ צעקאַלעטשעטער דייטש און שולדיק דערין איז דער עיקר די אויסוואַנדערונג פון דייטשע יידן קיין פּוילן, ווייל אין זייער היימאַט גופא האָבן זיי אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער כלומרשט גערעדט און געשריבן אַ ריינעם דייטש. די דרשות אין די בתי־מדרשים געהאַלטן אויף יידיש, האָבן נישט געקענט האָבן קיין שום ווערט און קיין שום פּעולה, זאָגט ער, ווייל די רבנים און מגידים האָבן קיין איין שפּראַך נישט באַהערשט חוץ דעם פאַרדאָרבענעם דייטש. קען מען, פרעגט ער און ענטפערט, רעדן שיין און מיט עלעגאַנץ אויף אַזאַ אויך מיר אַ שפּראַך 7).

---

6) H. Graetz, Geschichte der Juden, B. IX. Zweite Auflage. Leipzig 1877, SS. 66-7.

7) L. Zunz, Die Gottesdienstliche Vortraege der Juden. Zweite Auflage. Frankfurt a. Main, 1892. SS. 452-58.

און צום סוף וועל איך צו דער כאראקטעריסטיק פון דער באציאונג צו יידישע גלות־שפראכן, אין געגעבענעם פאל — צו יידיש, פון די פאן־טרעגער פון יידישער „אויפקלערונג", נאך ברענגען די מיינונג פון א דריטן קאריפיי פון דער „וויסנשאפט דעם יודענטומס", דעם רב־הכולל פון ווין ד"ר גידעמאן. ווען, זאגט ער, מען זאל לאזן אין א זייט די איינגעפלאכטענע העברעאישע ווער־טער און די געמישטע גראמאטיקאלישע פארמען, איז דאס „מוישל־דייטש", אן עכטער און ריינער דייטשער דיאלעקט, הגם ער איז פאר א סך דייטשן נישט פאר־שטענדלעך. דאס אייגענע גילט אבער פאר אלע איבע־ריקע דייטשע דיאלעקטן, וואס זענען אומפארשטענדלעך אויסער די גרענעצן פון דער געגעבענער פראווינץ. אויף א בערלינער אדער א האמבורגער דייטש וועט מען אין בייערן אדער אין באדן אויך זאגן „ער מוישלט". אויך יידיש איז נישט מער ווי א דייטשער דיאלעקט, וואס ווערט געערדט ווייט פון זיין היימאט. אזוי אבער ווי יידיש האט זיך פון דער דאזיקער היימאט אפגעריסן און האט בכלל מער נישט קיין היימאט, האט זי מער קיין עק־זיסטענץ־בארעכטיקונג נישט, סיידן „אין דער געשיכ־טע פון דייטשן אלטערטום" 8).

גלויב איך נישט, אז עס זאל נויטיק זיין לאנג צו באווייזן, ווי נישט געשיקט עס איז די וויוויסעקציע וואס גידעמאן מאכט מיט יידיש. ווען מען זאל אזוי נעמען טרייבערן די אדערן פון א וואסער נישט איז מאדערנער אייראפעאישער שפראך, קען מען פונקט אזוי קומען צום

8) Dr. B. Guedemann, Geschichte des Erziehungswesens und der Cultur der abendlaendischen Juden, B. III, Wien 1888, SS. 294-97.

אויספּיר, אַז ס'איז גאָר קיין שפּראַך נישט נאָר בלויז אַ דיאַלעקט פון אַן עלטערער שפּראַך, וואָס פון איר שטאַמט ער אַרויס. ענגליש קען אויף אַזאַ אופן ווערן אַ גערמאַנישער דיאַלעקט, פראַנצויזיש — אַ לאַטייניש[ער] א. אַז. וו. ס'איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז נעמט מען אַוועק פון יידיש איר נשמה, די העברעאישע עלעמענטן און די באַזונדערקייטן פון איר מאָרפאָלאָגיע און פון איר זאַץ־בוי, וועט זי נאָך אַזאַ אָפּעראַציע בלייבן טויט אונ־טער די הענט פון כירורג. אָבער קיין דייטשער דיאַ־לעקט וואָלט דערפון דאָך נישט אַרויסגעקומען. מען קען, לויטן געראָטענעם וואָרט פון מאָרים סעמיועל, פון אַן איי מאַכן אַ פיינקוכן, אָבער זייט אדרבא אַ בריה און מאַכט צוריק אַן איי פון דעם פיינקוכן.

נאָך דער יידישער „זעלבסטהאַס" — אַ מאָדערנע יידישע קרענק, וואָס אונזערע אבות־אבותינו האָבן גישט געוווּסט פון איר, האָט געקענט ברענגען יידישע געלערנ־טע צו אַזאַ מאָס פון פאַרלייקענונג פון דער יידישער שעפערישער פערזענלעכקייט, צו מאַכן צו שפּאָט און צו שאַנד עפּעס אַזוינס וואָס האָט געדאַרפט זיין אונזער שטאָלץ. קיין חידוש נישט, אַז אין דער דאָזיקער פאַרליי־קענונג פונם יידישן „איך" האָבן זיך יידישע אינטעלי־גענטן דערקייקלט צום קוק און אפילו צו די אויסדרוקן פון די יידישע שונאים און, פונקט ווי יענע, אָנגערופן די יידישע לשונות מיט די ערגסטע נעמען, ווי זשאַרגאָן "מוישלען", „ראָטוועלש" (די שפּראַך פון דייטשע גנבים), גענומען פון אַנטיסעמיטישן לעקסיקאָן. דער ערשטער, וואָס האָט אַ יידישן דיאַלעקט באַצייכנט מיט אַ טערמין וואָס קלינגט איצט ווי זשאַרגאָן, איז געווען דער סטאַיקער קלעאָמעדעס, וואָס האָט אָפּגעשפּאָט פונם

„בארבארישן גריכיש", וואס יידן אין אלעקסאנדריע האבן גערעדט אין זייערע בתי כנסת 9) און נאך אים האבן אנטיסעמיטן פון אלע לענדער און תקופות אויף דעם אייגענעם אופן אפגעלאכט פון אלע אנדערע יידישע שפראכן, וואס יידן האבן באשאפן אין משך פון לאנגן גלות.

אבער אז יידן אליין זאלן נאכמאכן די שונאי־ישראל און חוזק מאכן פון זייערע אייגענע לשונות, דאס איז באמת א נייעס אין אונזער געשיכטע און מען האט גע־דארפט ווארטן ביז צו דער יידישער „אויפקלערונג", אז אויך יידן זאלן זיך קלאגן, ווי קלעאמעדעס בשעתו, אז א יידיש לשון „גרילצט זיי אין די אויערן".

איז לאמיר טאקע זען, און זיך אפלערנען דערפון, ווי אזוי איז געווען די באציאונג פון אמאליקע יידישע דורות, וואס האבן נישט געליטן נישט פון דער שוואכ־קייט פון נאכמאכן פרעמדע און נישט פון דער חולאת פון יידישער קנאפווערטיקייט, צו די יידישע שפראכן, וואס יידן האבן געברויכט אין רעדן און שרייבן.

און אנהויבן וועלן מיר פון דער ערשטער, פון דער רייכסטער און פרוכטבארסטער פון די יידישע גלות־שפראכן — אראמיש.

עס קען קיין ספק נישט זיין, אז אויב אראמיש האט געקענט האבן אזא לאנגן קיום ביי יידן, קרוב צו אנ־דערטהאלבן טויזנט יאר, אז אויב אין דער דאזיקער שפראך האבן זיך אנגעזאמלט אזעלכע רייכע יידישע אוצרות, וואס מיר שעפן נאך פון זיי עד־היום מיט פו־

9) Théodore Reinach, Textes d'auteurs Grecs et Romains relatifs au Judaïsme, Paris 1895, pp. 212-13.

לע הויפנס, אויב די דאָזיקע שפראך איז באמת געוואָרן א צווייטער לשון־הקודש, איז דאָס געשעען צום גרויסן טייל צוליב דער שפראַכלעכער קרובהשאַפט צווישן אראַמיש און העברעאיש. אין א קלענערער מאָס באַציט זיך דאָס אויך צו אַ צווייטער סעמיטישער שפראך, וואָס יידן האָבן באַנוצט אמאָל און געברויכן צום טייל נאָך היינט — אראביש. וואָס שטאַרקער עס זעט זיך אָן די השפעה פון העברעאיש אויף א יידישער גלות־שפראַך, אַלץ יידי־שער איז זי, אַלץ מער איז דאָס פאָלק צו איר צוגעבונדן און אַלץ לענגער און געטרייער האַלט ער זיך ביי איר. א פשיטא שוין איז דאָס ריכטיק בנוגע צו סעמיטישע שפראכן, וואָס זייער פאַריידישונג איז געווען א סך לייכ־טער און טיפער, ווי דאָס איז פאָרגעקומען מיט אַנדערע פרעמדע שפראכן, וואָס יידן האָבן זיי געמאַכט פאַר אייגענע. מעאַדאַר נעלדעקע זאָגט, אַז די קרובהשאַפט צווישן די סעמיטישע שפראכן איז אַ גאַר נאָענטע און אַז בפרט אונטערשיידן זיך די אַלטע סעמיטישע לשונות קוים מער איינער פון צווייטן ווי די פאַרשיידענע דייט־שע דיאַלעקטן צווישן זיך 10).

אַז דאָס יידישע פאָלק און יידישע חכמים האָבן זיך באַצויגן מיט יראת־הכבוד צו אראַמיש, ווי צו א יידיש לשון, זאָגט עדות קודם־כל דער פאַקט, אַז הגם היפשע טיילן פון דניאל און עזרא זענען געשריבן אויף אַראַמיש, איז דאָס נישט געווען קיין מניעה, זיי זאָלן אריינגע־נומען ווערן אין די כתבי־הקודש. הן אין תלמוד ירושלמי און הן אין תלמוד בבלי זענען פאַראַן באַדייטנדיקע

10) Theodor Noeldeke, Die Semitischen Sprachen, Leipzig 1887, S. 2.

אַראַמישע עלעמענטן. און ווידער אַמאָל האָט דאָס נישט געשטערט, זיי זאָלן ווערן פאַר זייער עפּאָכע און פאַר שפּעטערדיקע צייטן דער הויפּט־קוואַל פון יידיש וויסן און פון יידישער לעבנס־חכמה. אויך דער זוהר, געשריבן אין אַראַמיש, איז פאַרבליבן ווי איינער פון די יידישסטע און פאַרהייליקטסטע ספרים ביי יידן.

אַז עס האָט זיך ביי אונז אין די לעצטע 50 יאָר צע־פלאַקערט די קנאה און די מלחמה צווישן העברעאיסטן און יידישיסטן, האָבן אין ביידע לאַגערן זיך געפונען בעלנים אַריבערצוטראָגן די הייליקע מחלוקת אויף אַלטע צייטן, בעת אַראַמיש איז געווען די יידישע פאָלקס־שפּראַך. ביידע צדדים האָבן אין מאמרי חז״ל געזוכט אסמכתאס פאַר זייערע מיינונגען. אין דער אמתן אָבער ווייסט די יידישע געשיכטע נישט פון קיין „ריב־לשו־נות" ביז צו דער לעצטער צייט. העברעאיש און די יידי־שע גלות־שפּראַכן האָבן געלעבט בשלום און בפועל איי־נע די צווייטע באַווירקט און געשפּייזט.

געוויס קען מען אויך אין דער יידישער פאַרגאַנגענ־הייט געפינען פאַרשיידענע און סתירותדיקע אָפּשאַצונ־גען פון דער באַדייטונג און פונם אָרט פון דער אָדער יענער גלות־שפּראַך אין דער יידישער גייסטיקער עקאָ־נאָמיע. אָבער איינצלנע זאַצן, אָפּגעריסן פון היסטאָרישן קאָנטעקסט, באַווייזן גאָרנישט. משפּטן קען מען נאָר לויט דעם גאַנצן בילד, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאַר דאָס שטענדיקע צוזאַמענגיין און צוזאַמענלעבן פון העברע־איש מיט די גלות־שפּראַכן.

פון איין זייט הויבן יידישע חכמים אַראַמיש אין הימל אַריין. אדם הראשון האָט גערעדט אַראַמיש, זאָגט

די גמרא 11). און ר' חנינא זאגט, אז דעריבער האט גאט פארטריבן די יידן, ווען זיי האבן געמוזט גיין אין גלות, קיין בבל, ווייל זייער לשון איז נאענט צום לשון פון דער תורה 12). קומט ר' יוחנן און זאגט: זאל אראמיש (לשון סורסי) נישט גרינג זיין אין דיינע אויגן, ווארום ער געפינט זיך אין דער תורה, נביאים און כתובים 13). אבער פון דער אנדער זייט האט נישט קיין קלענערער ווי ר' יהודה הנשיא געזאגט א מאמר, וואס דערמאנט באמת דעם לאזונג פון געוויסע עקסטרעמע העברעאיסטן פון דער מאדערנער צייט: צו וואס טויג אראמיש (לשון סורסי) אין ארץ־ישראל, מען באדארף אדער לשון הקודש אדער גריכיש. און דאס אייגענע זאגט מיט לערך הונדערט יאר שפעטער דער אמוראי ר' יוחנן בנוגע צו בבל, וו מען דארף זיך באנוצן אדער מיט העב־רעאיש אדער מיט פערסיש, אבער נישט מיט אראמיש 14).

האבן מיר דא פאר זיך א חילוקי־דעות אין דער אפ־שאצונג פון אראמיש מצד פארשיידענע יידישע חכמים, אדער אפשר דארף מען זוכן דעם מקור פון די קעגנ־זאצלעכע מיינונגען אין די פארשיידענע באדינגונגען, וואס אונטער זייער השפעה זענען די דאזיקע מיינונגען ארויסגעזאגט געווארן? ד"ר פונק, אן ערנסטער פארשער פון דער בבלישער עפאכע פון דער יידישער געשיכטע, האלט, אז די רעזערווירטע שטעלונג פון געוויסע יידישע חכמים בנוגע צו אראמיש, נעמט זיך דער עיקר דערפון,

11) סנהדרין ל"ח, ב.
12) פסחים פ"ז, ב.
13) ירושלמי, סוטה פ"ז, ה"ב.
14) סוטה מ"ט, ב.

וואָס אַראַמיש איז במשך פון ערשטן און צווייטן יאָר־הונדערט געוואָרן די שפּראַך פון דער קריסטלעך־יידישער געמיינדע אין א"י און פון דער קריסטלעכער קירך אין די לענדער פון מזרח. אַראַמיש — די שפּראַך פון גליל, ווו ישו און זיינע תלמידים האָבן געלעבט און געלערנט, איז אויך געווען די שפּראַך פון די שליחים, פון זייערע דרשות און שריפטן. די שטאָט עדעססא אין מעסאָ־פּאָטאַמיע איז אין צווייטן יאָרהונדערט געוואָרן א מעט־ראָפּאָליע פון קריסטנטום אין מזרח. אַראַמיש (סיריאַק) איז אַזוי אַרום דערהויבן געוואָרן צו דער אָפיציעלער שפּראַך פון דער קריסטלעכער קירך. דאָס אליין איז שוין עלול געווען אוועקצונעמען ביי דער דאָזיקער שפּראַך דעם אָרעאָל פון הייליקייט, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט, און האָט געקענט אַרויסרופן א חשד וועגן איר ריינקייט. געוויסע חכמים האָבן, נאַטירלעך, אין איר געקענט דער־שמעקן אפילו א סכנה פאַר יידישקייט, וויבאַלד זי האָט געדינט ווי אַן אינסטרומענט אין דעם פאַרביטערטן קאַמף, וואָס די נייע קירך האָט געפירט קעגן דעם יידישן דת און דעם יידישן פאָלק. און הגם עס איז צו קיין אָפענעם קאַמף קעגן אַראַמיש נישט דערגאַנגען, איז אָבער יאָ געווען א באַוווסטזיניקע טענדענץ, איר נישט צו לאָזן צו פאַרברייטערן אירע פּאָזיציעס איבער די גרענעצן, וואָס האָבן איר על־פּי טראַדיציע געהערט אין דעם יידישן קולט 15). (אַן אַנאַלאָגיע אין אונזערע צייטן קען מען געפינען אין דער אינסטינקטיווער רעאַקציע קעגן יידיש, וואָס די פּאָוואָריזירונג פון יידיש דורך דער

---

15) Dr. S. Funk, Die Juden in Babylonien, II Teil, Berlin 1908, SS. 16-20.

כאוויעט־רעגירונג אין אנהויב פון איר רעזשים, באגלייט מיט רדיפות אויף העברעאיש, האט ארויסגערופן אפילו אין אזוינע נאציאנאלע יידישע קרייזן, וואס זענען בכלל גארנישט געווען פייטלעך צו יידיש).

און פונדעסטוועגן האבן אפילו די דאזיקע ערנסטע מאטיוון פון רעליגיעזן כאראקטער קיין פעולה נישט גע־האט און יידן זענען אין ווארט און שריפט טריי געבליבן נישט בלויז זייער ערשטער הייליקער שפראך, נאר אויך דער צווייטער פאלקס־שפראך, און נישט דערלאזט, זי זאל ארויסגעשטויסן ווערן נישט דורך גריכיש און נישט דורך פערסיש, הגם היינטער דער און יענער זענען גע־שטאנען אלגעמיינע אנדערקענונג און פאליטישע מאכט.

בכן קען מען פון דעם דאזיקן פאל פון פארשיידענער אפשאצונג פון אראמיש קיין שום אלגעמיינע מסקנות וועגן דער יידישער באציאונג צו די גלות־שפראכן בכלל נישט מאכן. ווארום וואס־וואס, דווקא די פאזיציע פון אראמיש, אלס די צווייט־הייליקע יידישע שפראך, האט ביי יידן קיין ספקות נישט ארויסגערופן. במילא האבן מיר דא צו טאן מיט א ספעציפישן פאל און מיט ספע־ציעלע אומשטאנדן, וואס חזרן זיך אין דער יידישער גע־שיכטע מער נישט איבער, ווייל קיינמאל שפעטער האט די קירך מיט א יידישן לשון מער זיך נישט באנוצט און יידן פון זייער זייט האבן אויסגעמיטן יעדע שייכות מיט א שפראך פון א פרעמדער אמונה, צי איז דאס געווען לאטייניש, ווען זי איז געווארן די שפראך פון דער קריסטלעכער קירך, צי דאס קלאסיש אראביש — די שפראך פון איסלאם און קאראן. נישט בלויז האט דאס פאלק זיך באצויגן מיט ווארעמקייט און ליבשאפט צו זיין „מאמע־לשון" פון דער געגעבענער צייט און לאנד,

נאָר אויך יידישע חכמים האָבן ארויסגעוויזן זייער אכ־טונג צו דער שפּראַך פון פאָלק און נישט מורא געהאַט „מטמא צו זיין זייער פּען" מיט א „פרעמדן" לשון, מיט דער שפּראַך פונם „געמיינעם" מאַן. יידישע חכמים האַבן געשריבן ווערק אויף אראַביש־ און פּערסיש־יידיש, אויף דזשודעזמע און אויף אונזער יידיש. און ס'איז אינטערעסאַנט, אַז דער מחבר פון נחלת־צבי (פּרקים פון זוהר אויף יידיש) באַרופט זיך אויף דער טראַדיציע פון יידישע גלות־שפּראַכן, אַנווייזנדיק, אַז דער אָריגינאַל פון זוהר איז אויך געשריבן געוואָרן אויף דער פאָלקס־שפּראַך פון א באַשטימטער עפּאָכע — אראַמיש 16).
אמת, געוויסע לומדים, און גראַד נישט פון די אָנזעעוודיקע, האָבן אָפטמאָל פּראָטעסטירט נישט קעגן יידיש בכלל, נאָר קעגן דעם, וואָס מען גיט ארויס אויף דער שפּראַך הלכה ספרים, בפרט וועגן איסור והיתר, ווי למשל דער „שמחת הנפש", א מין קיצור שולחן־ערוך אויף יידיש. אָבער, ווי צינבערג ווייזט ריכטיק אָן, האָט דורך זייער מויל גערעדט א גרופּן־אינטערעס, א מאַטעריעלער צי א גייסטיקער, צי ביידע צוזאַמען. ווייל אויב איטלעכער ייד זאָל קענען געפינען אויף יידיש אַלע דינים, וואָלט ער דאָך מער נישט געדאַרפט אָנקומען צום רב און צום למדן. זעען מיר אָבער, אַז אַזא גדול ווי ר' יהונתן אייבשיץ האָט דווקא רעקאָמענדירט יידן צו לייענען דעם דאָזיקן ספר. א רייע יידישע רבנים האָבן אַליין געשריבן ספרים אויף יידיש 17). זעט איר, אַז אין

16) ד"ר צינבערג, געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן, ב' VI, זז. 8—387.

17) ד"ר י. צינבערג, דאָרט זז. 58—235.

אָנהויב פון 18־טן יאָרהונדערט האָט אַ געוויסער אהרן בן־שמואל ארויסגעגעבן אַ ביכל אויף יידיש, ווו ער האָט מעיז געווען אָנצורירן דעם כבוד פון לשון־קודש און איז ארויסגעטראָטן קעגן דעם געהייליקטן מנהג צו לערנען מיט קליינע קינדער אויף דער דאָזיקער שפּראַך, אָנשטאָט אויף דער פאַרשטענדלעכער אומגאַנגס־שפּראַך, האָבן די רבנים אריינגעלייגט זיין חיבור אין חרם, נישט גע־קוקט אויף זיין שטרענג־פרומען אינהאַלט 18). פאַר יע־נער צייט איז די אַנטקעגנשטעלונג פון יידיש קעגן העב־רעאיש געווען אַן איינצלנער פאַל, אָן חשיבות און אָן קאָנסעקווענצן. געביטן האָט זיך די לאַגע ערשט צום סוף פון נײַנצענטן יאָרהונדערט, ווען ביי יידן איז אויפ־געקומען אַן אַנטי־היסטאָרישע באַוועגונג, איינע פון יע־נע, וואָס מיט זיי זענען מיר געבענטשט געוואָרן זייט דער עמאַנציפּאַציע, וואָס האָט געהאַט פּרעטענזיעס אוועקצושטעלן יידיש א ו י ף ן א ר ט פ ו ן ה ע ב ר ע א י ש, צו דעקלאַרירן אַ יידישע פאָלקס־שפּראַך פון אַ באַשטימטן געאָגראַפישן שטח, הגם אַ גאָר גרויסן, און פון אַ באַשטימטן פעריאָד אין דער יידישער געשיכטע, הגם אַ היפּשלעך לאַנגן, ווי די אַל־געמיינע יידישע נאַציאָנאַלע שפּראַך. און — אין רעט־ראָספּעקטיוו קענען מיר איצט זאָגן, אַז איינע פון די סיבות, הגם נישט די באַשליסנדיקע, וואָס האָבן דער־פירט צום היינטיקן קריטישן מצב פון יידיש, איז גע־ווען די דאָזיקע פּאָזיציע פון אָט דער באַוועגונג, פונקט ווי איר צווייטער יסוד — די וועלטלעכקייט — האָט

---

18) מאַקס עריק, די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, וואַרשע 1928. זז. 213—14.

## ישראל עפּרויקין

ניִשט ווייניק געווירקט אויף אָפּצושטויסן פון יידיש פרומע יידן, וואָס פאַר זיי איז יידיש גראָד געווען, און צום טייל נאָך געבליבן עד־היום, איינער פון די וויכטיקע עלעמענטן פון אַ לאַנגער יידישער טראַדיציע.

## ג. וועגן די כאַראַקטער־שטריכן פון יידישע שפּראַכן

אויב בנוגע צו דער עלטסטער יידישער גלות־שפּראַך, אַראַמיש, קענען קיין צוויי מיינונגען נישט זיין, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ באַזונדער יידיש לשון, ווערט די עקזיסטענץ גופא פון אַ רייע אַנדערע יידישע גלות־שפּראַכן באַשטריטן פון פאַרשיידענע זייטן. און היות ווי מיר האָבן נאָך עד־היום נישט, ווי שוין געזאָגט, קיין יידישע פילאָלאָגיע, בלייבט אונז נאָר צו רעגיסט־רירן די חילוקי־דעות וועגן דער אָדער יענער יידישער שפּראַך. איין זאַך אָבער איז קלאָר, אַז אויב נישט אַלע־מאָל האָט דער אָדער יענער יידישער דיאַלעקט דערגרייכט צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַרישער שפּראַך, אויב נישט איטלעכער פון זיי האָט איבערגעלאָזט אַ שריפטלעכע ירושה, איז פונדעסטוועגן אַ פאַקט, אַז אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס האָבן יידן איבערגעפורעמט אויף זייער שטייגער כמעט איטלעכע שפּראַך וואָס זיי האָבן באַנוצט.

נאָך אַראַמיש, איז גריכיש געווען אין דער העלע־ניסטישער עפּאָכע די אומגאַנגס־שפּראַך פון היפּשע צאָלן יידן, בפרט אין מצרים. מיר האָבן שוין אויבן צי־טירט די ווערטער פון גריכישן געלערנטן קלעאָמעדעס וועגן דעם גריכישן „זשאַרגאָן“ פון די יידן אין אַלעקסאַנ־דריע אין זיין צייט. און אין דעם פּרט קען מען זיך

גראַד אויף די גוים פאַרלאָזן. זיי האָבן על־פּי רוב אַז אײדעלערן חוש־השמיעה ווי יידן און זיי דערשמעקן תּיכּף דאָס פרעמדע, דאָס באַזונדערע, וואָס יידן ברענגען אַריין אין די גויישע שפּראַכן, בעת אַסימילירטע יידן האָבן די שוואַכקייט די דאָזיקע באַזונדערקייטן צו באַהאַלטן און צו פאַרלייקענען. עס איז דערום קיין חידוש נישט, אַז גראַד דער יידישער געלערנטער יוסטער איז איינער פון די ווייניקע אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט, וואָס לייקנט די עקזיסטענץ פון אַ באַזונדערן גריכיש - יידישן דיאַלעקט 19). פאַרקערט אָבער, קומען כמעט אַלע מאָדערנע קריסטלעכע פאָרשער פון די יידישע ווערק, אויף גריכיש געשריבן, צו דער מסקנא, אַז אין די דאָזיקע ווערק געפינט מען בולטע שפּורן פון אַ ספּעציפישן דיאַלעקט. טהעאָדאָר נעלדעקע צווייפלט נישט, אַז יידן אין אַלעקסאַנדריע האָבן אַריינגעבראַכט אין דעם אַרטיקן אטטיש־מאַצעדאָנישן דיאַלעקט אַ באַזונדערן נוסח, „וואָס איטלעכע שפּראַך באַקומט אין דער מויל פון אַ צאָלרייכער יידישער באַפעלקערונג". דערמיט טאַקע דערקלערן זיך די אָריענטאַלישע ווענדונגען, וואָס מיט זיי איז אָנגעפּיקעוועט דער תּרגום השבעים (סעפּטואַגינטאַ). ספּעציעל וועגן דער גריכישער איבערזעצונג פון איוב, זאָגט נעלדעקע, אַז די שפּראַך איז דאָרט אַ גריכיש־יידישע 20). מען קען באַטראַכטן פאַר אַלגעמיין־אָנערקענט, אַז אויב אַפילו דער וואָקאַבולאַר פון דער סעפּטואַגינטאַ איז גריכיש, איז אָבער דער סינ־

19) J. Juster, Les Juifs dans l'empire romain, tome I, Paris 1914, pp. 366-7.

20) Th. Noeldeke, Histoire litéraire de l'Ancien Testament, Paris 1873, pp. 360-62.

טאַקסיס העברעאיש. און דערפאַר טאַקע איז די איבער־זעצונג נישט פאַרשטענדלעך אָן דעם העברעאישן אָרי־גינאַל. מיט נאָך מער רעכט ווערט דאָס געזאָגט וועגן דער תנ"ך־איבערזעצונג פון עקילס, וואָס האָט געדראַפּט זיין נישט צומרעטלעך פאַר אַ לייענער וואָס האָט נישט געהאַט קיין ידיעות אין העברעאיש 21). די שפּראַך־פאַרשער האָבן אין דער לעצטער איבערזעצונג געפונען איבער 200 ווערטער, וואָס זענען בכלל נישט גריכיש און וואָס מען טרעפט נישט אין קיין שום אַנדערע גרי־כישע ווערק. וועגן דער גריכישער ווערסיע פון ספר בן סירא זאָגט פּראָפ. ריסעל, אַז פאַר דעם איבערזעצער (דער אייניקל פון ישוע בן סירה) האָט געדינט אַלס מוס־טער די סעפּטואַגינטאַ, וואָס איר שפּראַך האָט זיך מס־תמא געדעקט מיט דעם „זשאַרגאָן" פון די יידן אין מצרים, אַ געמיש פון העברעאישע און גריכישע עלע־מענטן. אין דער איבערזעצונג געפינט מען אויך אַ רייע גראַמאַטיקאַלישע פעלערן און בכלל איז דאָס בוך נישט קיין ווערק לויטן גריכישן גוסט 22). אפילו לויט דעם זייער אָפּגעהיטן עמיל שירער, איז די שפּראַך פון דער סעפּטואַגינטאַ אַ באַרבאַריש גריכיש, אַזוי, אַז מען קען, לויט זיין מיינונג, זאָגן, אַז דאָ ווערט אַ נייע שפּראַך געשאַפן, פול מיט העברעאיזמען, וואָס אַ גריך וואָלט בכלל נישט געקענט פאַרשטיין. חוץ דער העברעאישער

---

21) F. C. Burkitt, The Debt of Christianity to Judaism, The Legacy of Israel, Oxford 1944, p. 86.

22) E. Kautzsch, Die Apokryphen und Pseudepigraphen des Alten Testaments, I. Band, Tuebingen 1900, SS. 239, 243-4.

זאַץ־קאָנסטרוקציע, צייכנט זי זיך אויס דערמיט, וואָס אַ כּך גריכישע ווערטער ווערן דאָרט, אונטער דער השפּעה פון העברעאיש, געברויכט נישט אין זייער אייגנטלעכן גריכישן זינען. ס'איז שווער צו זאָגן, צי האָבן די־איבערזעצער זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון דעם גריכיש, אַזוי ווי יידן האָבן דאָס גערעדט. פונקט אַזוי קען מען אויך רעכענען, אַז די באַזונדערקייטן פון דער יידיש־גריכישער שריפט־שפּראַך האָט צוריק געווירקט אויף דער גערעדטער שפּראַך פון די יידן 23).
דרך־אַגב וועלן מיר באַמערקן, אַז דער דאָזיקער מרעפּלעכער גענאַנק וועגן דער צוריקווירקונג פון דער שריפט־שפּראַך אויף דער גערעדטער שפּראַך איז בלי־ספק ריכטיק אויך בנוגע צו אַלע אַנדערע יידישע גלות־שפּראַכן.

די וואָס לייקענען אין דער עקזיסטענץ פון אַ יידיש־גריכישן דיאַלעקט זענען זיך סומך אויף די באַוווסטע ווערק פון פילאָן און פלאַוויוס, געשריבן אין אַ ריינעם גריכיש. נאָר דאָס איז פונקט אַזאַ ראיה, אַז יידן האָבן באַנוצט די אמתע גריכישע שפּראַך, ווי אויב מען זאָל זיך פאַררופן אויף די ווערק פון אַ היינע אָדער בערנע, פון צונץ און גייגער, כּדי צו באַווייזן, אַז יידן, סתם יידן, האָבן געשריבן אַ ריינעם דייטש. אויך אין דער העלעניסטישער עפּאָכע, ווי אין אונזער צייט, זענען געווען איינצלנע, און דווקא הויך־געשטעלטע יידן, וואָס האָבן באַנוצט אין וואָרט און שריפט אַ מער אָדער ווייניקער קאָרעקטע, אָדער אַפילו אויסגעצייכנטע פרעמדע

23) Emil Schuerer, Geschichte des juedischen Volkes etc., III Band, dritte Auflage, Leipzig 1898, SS. 310-11.

שפּראַך (אַגב, איז דאָס נישט דער פאַל מיט פּלאַווויס, ווייל דער אָריגינאַל פון זיינע ווערק איז משמעות געווען אַראַמיש און איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף גריכיש). דאָס האָט אָבער לחלוטין נישט צו טאָן מיט דער שפּראַך פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, נישט פון די אַמאָליקע, נישט פון די היינטיקע צייטן. ס'וועט אָבער יאָ ריכטיק זיין צו זאָגן, אַז צווישן די יידישע גלות־שפּראַכן און דיאַלעקטן פאַרנעמט דער גריכיש - יידיש נישט קיין געהויבענעם אָרט. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט איינעם פון די ווינציקע פאַלן אין דער יידישער געשיכטע ביז צו מאָדערנע צייטן, ווען יידן האָבן איבערגענומען אַ פרעמדע שפּראַך מיט געוויסע, מער אָדער ווייניקער באַוווּסטזיניקע, אַסימילאַטאָרישע כוונות, אַלס די שפּראַך פון די הערשנדיקע קלאַסן פון דער גרויסער אימפּעריע, געגרינדעט דורך אַלכסנדר מוקדון. און הגם די דאָזיקע אימפּעריע איז דורך זיינע יורשים פּאָליטיש צעפּיצלט געוואָרן, איז זי אָבער, אַלס אַ געמיש פון גריכישער און אָריענטאַלישער ציוויליזאַציע, פאַרבליבן אויף הונדערטער יאָרן. אָבער נישט געקוקט אויף די נישט ריינע און נישט יידישע כוונות, וואָס אַ טייל יידן האָבן געהאַט ביים איבערגיין צו גריכיש, האָט די שפּראַך דאָך אָנגענומען געוויסע יידישע פאָרמען און אַרויסגעוויזן אַ געוויסע דויערהאַפטיקייט און שטאַנדהאַפטיקייט, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר יידישע גלות - שפּראַכן בכלל. מיר ווייסן נישט, צי האָבן יידן אין דער העלעניסטישער עפּאָכע זיך באַנוצט ביים שרייבן גריכיש מיטן יידישן אלף־בית. די יידישע שריפט איז, ווי מיר וועלן נאָך זען, תמיד געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער טראַנספאָרמאַציע פון אַ פרעמדער שפּראַך אין אַ יידי־

שער. זיכערע ידיעות האָבן מיר נאָר, אַז שפּעטער האָבן ייִדן אין ביזאַנץ געשריבן גריכיש מיט ייִדישע אותיות. נאָך אין יאָר 553 האָט דער קייזער יוסטיניאַן זיך גע־מוזט אַריינמישן אין אַ מחלוקה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין אַ ייִדישער קהילה, ווו אַ טייל מיטגלידער האָבן גע־פאָדערט, אַז ביי קריאת התורה זאָל געמאַכט ווערן אַן איבערזעצונג אויף גריכיש און יוסטיניאַן האָט גע־פּסקנט, אַז אַ מתורגמן זאָל זיך דערביי באַנוצן מיט די איבערזעצונגען פון דער סעפּטואַגינטע און פון עקילס 24).

ייִדיש־גריכיש האָט אָפּגעגאָלטן, ווייל קריסטלעכע מעאַלאָגן און פילאָלאָגן האָבן זיך מיט אים פּאַראינטע־רעסירט און צום טייל די שפּראַך אויסגעפאָרשט. דער דאָזיקער אינטערעס נעמט זיך פון דער גרויסער ראָל וואָס די גריכישע תנ״ך־איבערזעצונגען און דער גריכי־שער טעקסט פון די עוואַנגעליעס האָבן געשפּילט אין דער געשיכטע פון קריסטלעכן גלויבן און פון דער קריסטלעכער קירך. ייִדיש־אַראַביש, וואָס זיין ראָל אין דער ייִדישער גייסטיקער אַנטוויקלונג איז געווען, גאָר־נישט קיין פאַרגלייך, גרעסער, איז נאָך עד־היום פאַר־בליבן אַ קרקע בתולה, ווו מען האָט נישט געאַקערט און נישט געזייט. מיט דער דאָזיקער שפּראַך, ווייל זי האָט בלויז אַ ייִדישן אינטערעס, האָבן זיך געדאַרפט פאַרנע־מען ייִדישע פאָרשערס, און מיר האָבן שוין געזעען, ווי ווייניק אינטערעס און סימפּאַטיעס די ייִדישע גלות־

24) Ismar Elbogen, Der juedische Gottesdienst in seiner geschichtlichen Entwicklung, zweite Auflage, Frankfurt a/Main 1924, S. 190.

שפראכן האָבן ביי זיי געפונען. גייט נאָך עד־היום אָן אַ שקלא וטריא צווישן די יידישע געלערנטע וועגן דער עצם עקזיסטענץ פון אַראַביש־יידיש און די מיינסטע פון זיי גיבן אַ נעגאַטיוון ענטפער. חוץ דעם שוין אויבן ציטירטן פּראָפ. פרידלענדער, פּסקנט אויך שטיינשניידער, איינער פון די בעסטע קענער פון דער אַראַביש־יידישער ליטעראַטור, אַז מען קען וועגן אַן אַראַביש־יידישן „זשאַרגאָן” נישט רעדן, הגם ער אַליין איז מודה, אַז דאָס אַראַביש פון די יידן וואָרט נאָך אויף אַראַביסטן־ספּעציאַליסטן אויסגעפאָרשט צו ווערן 25). מען דאַרף אָבער גאָרנישט זיין קיין פילאָלאָג, כדי צו באַגרייפן, אַז ווי־באַלד אַ ווערק איז געשריבן פון יידן בלויז פאַר יידן און מיט יידישע אותיות, לאָזט דער שכל הישר נישט צו, אַז די שפּראַך זאָל שוין צוליב דעם אַליין נישט מאָדיפיצירט, נישט געיידישט ווערן, אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער מאָס. און ס'איז באַוווּסט, אַז נישט־יידן האָבן, חוץ אפשר מיט גאָר זעלטענע אויסנאַמען, אין די אַראַביש־געשריבענע יידישע ווערק נישט אַריינגעקוקט 26). די יידישע שריפט אַליין איז שוין געווען אַ מניעה דערצו. זיכער איז אויך, אַז די אַראַבישע גראַמאַטיק איז אין די ספרים פון די יידישע מחברים פאַר־איינגעפאַסט געוואָרן, די כללים פון אַראַבישן סינטאַקסיס נישט אָפּגעהיט געוואָרן און בכלל איז זייער סטיל ווייט

---

25) Moritz Steinschneider, Die arabische Literatur der Juden, Frankfurt a/Main 1902, SS. XXX - XXXII.

26) S. Munk, Mélanges de philosophie juive et arabe, Paris 1859, p. 261.

פון ליטעראַרישן אַראַביש. דאָס אַלץ, ווי עס באַמערקט ריכטיק דער מחבר פון אַרטיקל וועגן אַראַביש צווישן יידן אין דער ענגליש־יידישער ענציקלאָפּעדיע, באַווייזט, אַז עס שיקט זיך צו רעדן וועגן אַן אַראַביש־יידיש 27).

אַן אומדירעקט ליכט אויף דער פאַרגאַנגענהייט פון יידיש - אַראַביש וואַרפט דאָס אַראַביש, וואָס ווערט נאָך אין אונזערע צייטן באַנוצט פון יידן אין די מוסול־מענישע לענדער. אויב עס זאָל זיך אַרויסשטעלן, אַז די פאַראַרעמטע, קולטור - היגטערשטעליקע, לערך קליין־צאָליקע יידישע קיבוצים פון די דאָזיקע לענדער, זע־נען יאָ בכוח געווען איבערצופורעמען די אַראַבישע שפּראַך און זי צו פאַריידישן, קענען מיר דערפון אָפּ־לערנען אַ קל וחומר אויף די דריי־הונדערט־יעריקע יידי־שע שאַפונגען אויף דער דאָזיקער שפּראַך אין מיטלאַל־טער. איז דאָך אַראַביש אין יענער עפּאָכע געווען די שפּראַך פון דער מערהייט פון יידישן פאָלק, פון מע־סאָפּאָטאַמיע ביז שפּאַניע, און צוזאַמען מיט העברעאיש — אויך איר קולטור־שפּראַך. על־פי אַנאַלאָגיע מיט אַנדערע יידישע געשיכטלעכע פּראָצעסן, קען מען זיך נישט פאָרשטעלן, אַז אַזאַ גרויסער און גייסטיק הויבער יידישער קיבוץ זאָל בלייבן אין אַ משך פון אַזאַ לאַנגן פּעריאָד סטעריל אויפן שפּראַכלעכן געביט.

נאָר אויב דאָס יידיש־אַראַביש פון מיטלאַלטער איז נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן, האָבן מיר אָבער אַ רייע באַשרייבונגען פון די אַראַבישע דיאַלעקטן, וואָס ווערן נאָך צום טייל געברויכט עד־היום אין נאָענטן און מי־

27) J. Br. (Broydé), Arabic Language among Jews, The Jewish Encyclopedia, Vol. II.

טעלן מזרח, אויפן אַראַבישן האַלב־אינזל און אין צפון־אַפריקע. וועלן מיר דאָ בקיצור איבערגעבן אַ תמצית פון די דאָזיקע באַשרייבונגען.

די גרעסטע פאַרדינסטן פאַר דער פאָרשונג פון יידיש־אַראַביש אין צפון־אַפריקע האָט דער באַקאַנטער פראַנצויזישער פילאָלאָג, הייגט איינער פון די זיילן פון דער מאַרקסיסטישער לינגוויסטיק (הגם סטאַלין אַליין לייקנט אין איר עקזיסטענץ) מאַרסעל קאָהען. כאָטש ער אַליין איז שטאַרק מסופק, צי עס איז בכלל פאַראַן אַ יידיש־אַראַבישער דיאַלעקט, רעדן אָבער די אָביעקטיווע פאַקטן און די כאַראַקטעריסטיקעס, וואָס ער אַליין ברענגט וועגן דעם אַראַביש, וואָס ווערט פון יידן גערעדט און געשריבן אין אַלזשיר, קעגן זיין אייגענער לכתחילהדיקער הנחה, אַז דאָס דאָזיקע אַראַביש שיידט זיך נישט אונטער פונם לאָקאַלן אַראַבישן דיאַלעקט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. די אַראַבער, לויט זיין אייגענער עדות, קענען שוואַך פאַרשטיין דעם יידישן דיאַלעקט. יידישע שריפטן אויף אַראַביש, ווי אויך די קאָרעספּאָנדענץ צווישן יידן, ווערן געדרוקט און געשריבן מיט יידישע אותיות, בעת פאַר דער פראַנצויזישער שפּראַך, פאַרשפּרייט צווישן דער יידישער אינטעליגענץ, באַנוצן יידן דעם לאַטיינישן אַלפאַבעט. דער דיאַלעקט איז היבשלעך רייך אין העברעאיזמען, מער אין שריפט ווי אין וואָרט. פאַר רעליגיעזע און אַבסטראַקטע באַגריפן באַנוצן די יידן העברעאישע ווערטער. געוויסע העברעאישע פאָרמולעס זענען אַריבערגענומען געוואָרן אין דיאַלעקט ווי זיי שטייען און גייען (תזכה למצוות, ברוך הבא, אמן כן יהי רצון, יוסיפו לך שנות חים א. אז. וו.). חוץ די העברעאיזמען, האָט דער יידישער דיאַלעקט אַסימילירט אַ

היפּשע צאָל ראָמאַניזמען, גענומען פון פראַנצויזיש, שפּאַניש און איטאַליעניש, וואָס די אַראַבער ווייסן גאָר־נישט מיט וואָס מען עסט דאָס. הכלל אַלע סימנים, וואָס קאָהען ברענגט, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע יידישע גלות־שפּראַכן, זאָגן קלאָר עדות, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ באַזונדערן יידישן דיאַלעקט. גאָר די בעסטע ראיה, וואָגיקער ווי אַלע פילאָלאָגישע חקירות און השערות, איז דער פאַקט, וואָס הן אַראַבער און הן יידן האָבן דעם קלאָרן ב א וו ו ס ט ז יי ז, אַז יידן רעדן אַן אַנדער שפּראַך ווי אַראַביש. און דער פאַקט, וואָס יידן באַנוצן אַ באַזונדערן אלף־בית פאַר־שטאַרקט נאָך דאָס דאָזיקע געפיל פון דער באַפעלקע־רונג גופא, סיי פון דער מוסולמענישער, סיי פון דער יידישער 28).

אַ באַזונדער יידיש־אַראַבישן דיאַלעקט געפינען מיר אויך ביי די יידן אין פעץ (מאַראָקאָ). דער דאָזיקער דיאַלעקט איז נאָך רייכער אין העברעאיזמען, ווי דער אַלזשירער. ער צייכנט זיך אויך אויס, פונקט ווי אונ־זער יידיש און אַלע איבעריקע יידישע שפּראַכן, מיט אַ רייע אַרכאַאיזמען, וואָס ווערן אין היינטיקן אַראַביש מער נישט געברויכט און וואָס אַראַבער גופא פאַרשטיי־ען מער נישט זייער מיין. חוץ ספרים פון רעליגיעזן אינהאַלט, האָבן די יידן אין מאַראָקאָ און אין צפון־אַפריקע בכלל געשאַפן אַ היפּשע פאָלקלאָריסטישע לי־טעראַטור: לידער, שפּריכווערטער, מעשׂות און לע־גענדעס, וואָס די מחברים פונם גרינטלעכן ווערק וועגן

28) Marcel Cohen, Le parler arabe des Juifs d'Alger, Paris 1912, pp. 9, 13, 15, 383, 386, 396-8.

דעם יידישן דיאַלעקט אין פעץ, ברונא און מאַלקאַ, ברענ־גען פון זיי אַ רייע מוסטערן 29).

אַ העכערן גראַד פון אַנטוויקלונג האָט דערגרייכט דער יידיש־אַראַבישער דיאַלעקט פון טוניס. אויזעב וואַ־סעל, דער מחבר פון אַ מאָנאָגראַפיע וועגן דער יידישער פאָלקס־ליטעראַטור אין טוניס, ברענגט אַ רשימה פון פערציק ווערק אויפן דיאַלעקט געדרוקט מיטן יידישן אלף־בית. זיי באַשטייען קודם־כל פון רעליגיעזע ספרים (דיני שחיטה ובדיקה לויטן שולחן ערוך, הגדה של פסח א. אַז. וו.). פאַראַן אָבער אויך לידער און ראָמאַנען, אָרי־גינעלע און איבערגעזעצטע פון העברעאיש (אהבת ציון פון אברהם מאַפו, חריסת ביתר פון קלמן שולמאַן און אַנדערע) און פון פראַנצויזיש (גראַף מאָנטע קריסטאָ פון אַלכסנדר דיומאַ, די סודות פון פּאַריז פון אייזשען סיו). פאַראַן אויך אויפן דיאַלעקט אַ פעריאָדישע פּרע־סע. היות ווי ס'איז געווען אַמאָל אַ פאַרבאָט פון דער פראַנצויזישער אַדמיניסטראַציע אַרויסצוגעבן פעריאָדי־שע שריפטן אויף פרעמדע שפּראַכן אין טוניס גופא, האָט אַ געוויסער אליעזר פרחי אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין 1884 אין ליוואָרנאָ אַ מאָנאַט־שריפט אויף אַראַביש־יידיש מיטן העברעאישן טיטל „המבשר". אין 1885, ווען דער דאָזיקער פאַרבאָט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, הויבט אָן אַרויסגיין אין טוניס גופא אַ „ליטעראַריש־פּאָליטישער" וואָכנבלאַט „אלשמס" (די זון) און אין 1889 באַווייזט זיך אויפן דיאַלעקט אַפילו אַ טאָג־צייַ־

29) L. Brunot et E. Malka, Textes judéo-arabes de Fès. Publication de l'Institut des hautes études marocaines. Tome XXXIII, Rabat 1939, pp. III-IV, 301-8, 325-6, 340-43, 379-395.

טונג „אלתלגרף". די אלגעמיינע טענדענץ הן פון די דאַזיקע צייטשריפטן הן פון דער פאָלקלאָריסטישער ליטעראַטור איז אַ דעמאָקראַטיש - פּראָגרעסיווע. דער קאַמף קעגן די קהלשע תקיפים איז איינער פון זייערע לייט־מאָטיוון 30). אויך אין דעם פּרט געפינט מען אַן אַנאַלאָגיע צווישן יידיש־אַראַביש און דער ליטעראַטור אויף אַנדערע יידישע פאָלקס־שפּראַכן, ווי אויף אונזער יידיש למשל.

דאָס אַראַביש פון די תימנער יידן איז נאָך גאָר קנאַפּ אויסגעפאָרשט. און דאָס איז באמת אַ שאָד, ווייל עס איז נישטאָ קיין ספק, אַז אַזאַ אויספאָרשונג וואָלט אונז געגעבן מאַטעריאַל פאַר דער קענטשאַפט פון אַראַביש־יידיש בכלל. בכל אופן האָט דער תימנער יידישער דיאַלעקט אַלע סימנים פון אַ יידיש לשון, הגם ער איז ווייניקער רייך מיט העברעאיזמען ווי אונזער יידיש. אַראַבישע ווערטער באַקומען אין דיאַלעקט אָפט אַן אַנדער פאָרם. אַ רייע העברעאישע ווערטער, אַקוראַט ווי אין אונזער יידיש, האָבן אין דיאַלעקט אַדער אַן אַנדער ניואַנס, אָדער אַפילו גאָר אַן אַנדער מיין ווי אין אָריגינאַל 31). אגב, מיט ש. ז. גויטיין, ועמען מיר ציטירן דאָ, האָט פּאַסירט דאָס אייגענע ווי מיט אויבן אָנגערופענעם פראַנצויזישן פילאָלאָג מארסעל קאָהען. אויך ער איז נישט נוטה אָנצוערקענען די עקזיסטענץ פון אַ תימנער יידישן „זשאַרגאָן", אָבער זיין באַשרייבונג גופא באַווייזט דעם היפוך.

---

30) Eusèbe Vassel, La litérature populaire des Israélites tunisiens, Paris 1905, pp. 26-7.

31) ש. ז. גויטיין, היסודות העבריים בשפת הדבור של יהודי תימן, „לשוננו", כרך ג׳, חוברת ד׳, תל-אביב תרצ״א.

אינטערעסאַנט ביז צום העכסטן גראַד איז דער פאַקט, וואָס דער תימנער יידיש־אַראַביש באַווייזט אַ רייע שותפותע שטריכן מיטן יידישן דיאַלעקט פון אַלזשיר, הגם ס׳איז קלאָר, אַז קיין פּערזענלעכער קאָנטאַקט איז צווישן די צוויי ווייטע איזאָלירטע יידישע קיבוצים כמעט נישט פאָרגעקומען. משמעות, אַז די פאַקטאָרן פון יידישער שפּראַך־בילדונג זענען חל אומעטום און זייער השפּעה, ווייל זי קומט פון די אייגענע מקורות (תנ״ך, דער יידישער דת, העברעאיש), וועגן וועלכע מיר וועלן נאָך שפּעטער רעדן, מוז אויף דעם אָדער יענעם אופן באַווייזן זיך אומעטום.

דאָס אַראַביש פון די יידן אין די מוסולמענישע לענדער פון נאָענטן און מיטלען מזרח (לבנון, סיריע, איראַק און אַנדערע), איז משמעות נאָך בכלל נישט גע־פאָרשט געוואָרן. בכל אופן האָב איך קיין שום דאָקו־מענטן וועגן דעם נישט געפונען. אָבער נאָך דעם וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרן, דאַרף מען רעכענען, אַז אויך דאָרט זענען מסתמא פאַראַן צייכנס, מער אָדער ווייניקער קלאָרע, שוואַכער אָדער שטאַרקער אַנטוויקלטע, פון אַ באַזונדערן יידישן דיאַלעקט. פאַרקערט אָבער, זענען פאַראַן היפּשלעכע ידיעות וועגן דעם יידיש־פּער־סישן דיאַלעקט פון די יידן אין איראַן. די ערשטע שריפטלעכע דאָקומענטן אויף פּערסיש מיט יידישע אותיות דאַטירן אַזוי ווייט ווי פון אַכטן יאָרהונדערט. ווי עס ווייזט אויס, האָט שוין אין 13־טן יאָרהונדערט עק־זיסטירט אַ געשריבענע תנ״ך־איבערזעצונג אויף יידיש־פּערסיש. אַ געדרוקטע איבערזעצונג איז אַרויס אין יאָר

1546, דאָס הייסט, אַז זי איז שוין אויך אַלט 400 יאָר 32).

אין דער עקזיסטענץ פון אַ יידיש־שפּאַנישן לשון איז קיינער נישט מסופק. חילוקי דעות זענען נאָר פאַראַן וועגן דעם, צי איז דזשודעזמאָ אויפגעקומען ערשט נאָכן גירוש ספרד, ווען יידן זענען אָפּגעריסן געוואָרן פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער שטאַם־שפּראַך, אָדער צי האָבן יידן שוין אויסגעפורעמט אַ באַזונדערן דיאַלעקט נאָך אין שפּאַניע גופא. שפּאַניש האָבן יידן אָנגעהויבן רעדן שוין אין מיטן פון 13־טן יאָרהונדערט אין די קריסטלעכע קיניגרייכן פון קאַסטיליע און אַראַגאָן, אָבער קיין ליטעראַטור אויף אָט דער שפּראַך האָבן זיי אין שפּאַניע גופא נישט באַשאַפן, להיפוך צו דעם טייל פון שפּאַניע, וואָס איז באַהערשט געוואָרן פון די אַראַבער. צום טייל דערקלערט זיך דאָס זיכער דערמיט, וואָס אַראַביש, אַלס סעמיטישע שפּראַך, איז מער צוגעפּאַסט געווען צום יידישן געדאַנקן־גאַנג און איז מער מסוגל געווען צו דינען ווי אַ יידישער געדאַנקן־אויסדרוק, ווי די לחלוטין פרעמדע ראָמאַנישע שפּראַך. מען דאַרף אויך נעמען אין באַטראַכט, אַז אַראַביש האָבן די יידן באַנוצט אין די מזרח־לענדער שוין פריער, אָנגעהויבן פון צענטן יאָרהונדערט, אַזוי, אַז ס'האָט זיך שוין באַוויזן אויסצופורמירן אַ יידיש־אַראַבישע שפּראַכלעכע טראַדיציע, וואָס שפּאַניש האָט נישט געהאַט. אַזוי צי אַזוי, קיין יידישע ווערק אויף שפּאַניש, ווען מען נעמט נישט אין חשבון אַ פּאָר פּאָלעמיש - אַפּאָלאָגעטישע

32) Juedisch-Persisch in Encyclopedia Judaica, B. IX.

בראַשורן, געשריבן פון ר' יוסף אלבו און ר' חסדאי קרשקש, זענען נישט געווען בנמצא. געוויסע סימנים דערפון, אַז אין שפּאַניע גופא האָט זיך שוין אָנגעהויבן אויסשיילן אַ יידיש־שפּאַנישער דיאַלעקט, זענען פונ־דעסטוועגן פאַראַן. אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין פּאַריז געפינט זיך אַן אַלמאַנאַך אויף שפּאַניש מיט יידי־שע אותיות, אַן אָנזאָג אויף אַן עמבריאָן פון אַ באַזונדער יידיש לשון. אַ סברא, אַז דער מחבר פון אַלמאַנאַך איז געווען אברהם זכותא. אַ ליטעראַטור אויף לאַדינאָ קומט אויף ערשט נאָכן גירוש ספרד און זי דערגרייכט אַ היפּ־שע מדרגה אין טערקיי און אין די באַלקאַן־לענדער. דער עיקר באַשטייט זי פון רעליגיעזע און מוסר־ספרים, איבערגעזעצט פון העברעאיש און אַראַביש (אַ קיצור שולחן ערוך, חובת הלבבות, מנורת המאור, קב הישר און אַנדערע). ביכער פון וועלטלעכן אינהאַלט און פּע־ריאָדישע צייטשריפטן באַווייזן זיך ערשט אין 19־טן יאָרהונדערט 33). אויך דזשודעזמע שעפּט מיט פולע הויפנס פונם שותפותן מקור פון אַלע יידישע גלות־שפּראַכן — פון העברעאיש. ווערטער וואָס באַציען זיך צום קולט און צו דער מאָראַלישער און אינטעלעקטועלער ספערע, זענען כמעט אַלע גענומען פון העברעאיש (חיים, מלאך, מצווה, עניו, כבוד, חרפה, רשע, שכל, שלום, מזל, וכדומה וכדומה). נאָך וויכטיקער אָבער איז, וואָס יידיש־שפּאַניש באַווייזט אָנזעעוודיקע פאָרמאַלאָגישע, לעקסיקאַלישע און פאָנעלאָגישע באַזונדערקייטן, וואָס שיידן אים היפּשלעך אונטער פון זיין אָפּשטאַם־שפּראַך.

33) M. Kayserling, Biblioteca Espanola-Portugeza - Judaica, Strasbourg 1890, pp. 110, XIX - XXI.

געוויסע מאָדוסן און צייטן פון שפּאַנישן ווערב זענען פאַרלאָרן געגאַנגען אין דזשודעזמאָ (די צוקונפט פון סובּיאָנקטיוו און אַנדערע), אָדער האָבן באַקומען אַן אַנדער ענדערפאָרם ווי אין קאַסטעלאַניש 34).

שפּאַניש איז געשטיט די איינציקע ראָמאַנישע שפּראַך, וואָס יידן האָבן פאַרוואַנדלט אין אַן אייגן יידיש לשון. ס'איז כמעט נישטאָ קיין איין באַדייטנדע ראָמאַנישע שפּראַך, וואָס יידן זאָלן זי נישט האָבן פאַריידיישט. דוד בלאָנדהיים גלויבט אין דער עקזיסטענץ פון אַ שפּראַך־טראַדיציע ביי יידן, וואָס האָבן געלעבט צווישן די ראָמאַנישע פעלקער, אַ טראַדיציע, וואָס גייט צוריק צו די אַנטיקע צייטן. אַ ראיה דערצו זעט ער דערין, וואָס אין די תנ"ך־איבערזעצונגען פון מיטלאַלטער אויף פאַרשיידענע ראָמאַנישע שפּראַכן, שטויסט מען זיך אָן אויף אַ וואָקאַבולאַר, וואָס האָט זיינע וואָרצלען אין דער גריכישער איבערזעצונג פון די שבעים און פון עקילס. שפּורן פון דאָזיקן וואָקאַבולאַר געפינט מען אויך אין דער עלטסטער לאַטיינישער תנ"ך־איבערזעצונג. אַז גריכיש איז לערך אין 4־טן יאָרהונדערט אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורך לאַטייניש, האָבן יידן פונדעסטוועגן אָפּגעהיט אַ געוויסע צאָל גריכישע ווערטער און ווענדונגען. חוץ לזה, איז דאָס לאַטייניש גופא פון דער דאָזיקער איבערזעצונג פול מיט באַרבאַריזמען און מיט „גרייזן" אין דער עטימאָלאָגיע און סינטאַקסיס, וואָס דערקלערן זיך על פי

34) Max Leopold Wagner, Beitraege zur Kenntniss des Judenspanischen von Konstantinopel. Kaiserliche Academie der Wissenschaften, Schriften der Balkankommission, B. XI, Wien 1914, SS. 90-172.

רוב מיט דער השפעה פון העברעאיש, פון איין זייט, און פונם גריכיש און פון די גריכישע ביבל־איבערזעצונגען, פון דער אַנדערער זייט. ס'איז אויך נישט אויסגעשלאָסן, אַז יידן האָבן געשריבן לאַטייניש מיט העבּרעאישע אותיות. אַ סימן דערויף זענען יידישע מצבות פון 6־טן יאָרהונדערט מיט העברעאישע אויפשריפטן און אייניקע אַזוינע מצבות שטאַמען אפילו פון 2־טן און 3־טן יאָרהונדערט. פונקט ווי ס'איז געווען אַ וווּלגאַרער לאַטיין, ווו עס געפינען זיך די וואָרצלען פון די היינטיקע ראָמאַנישע שפּראַכן, אַזוי האָט, משמעות, אויך עקזיסטירט אַ יידישער וווּלגאַרער לאַטיין, וואָס פון אים האָבן זיך שפּעטער אויסגעשיילט די פאַרשיידענע יידישראָמאַנישע דיאַלעקטן, ווי פראַנצויזיש־שפּאַניש־פּראָוואַנסאַליש־יידיש א. אַז. וו. בלאָנדהיים לאָזט אָפן די פראַגע, צי האָבן יידן אין מיטלאַלטער גערעדט אין די ראָמאַנישע לענדער באַזונדערע יידישע דיאַלעקטן. ס'קען זיין, לויט זיין מיינונג, אַז די באַזונדערקייטן, וואָס מיר געפינען אין שריפט, זאָלן נישט האָבן עקזיסטירט אין וואָרט. נאָר דאָס קלעפּט זיך עפּעס נישט מיט זיינע אייגענע קאָנסטאַטירונגען וועגן פאָנעטישע און לעקסיקאַלישע ספּעציפישקייטן, ווו אויך מיט דעם שלל פון העברעאיזמען און אַרכאַאיזמען פון די דאָזיקע שפּראַכן, וואָס אויך זייער זאַץ־בוי שיידט זיך אונטער פון דעם געוויינלעכן ראָמאַנישן. במילא איז דער אויסדרוק „יידיש־ראָמאַנישע דיאַלעקטן", וואָס ער אַליין גענוצט, בפירוש באַרעכטיקט. אויף דער עקזיסטענץ פון אַ פראַנצויזיש־יידיש געפינען מיר אַנווייזונגען אין די לועזים, וואָס זענען שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן. פאַראַן שריפטן אויף פראַנצויזיש מיט העברעאישע או־

תיות, וואָס דאַטירן אַזוי ווייט ווי פון 7־טן יאָרהונ־דערט. אַ פאַרגלייך פון די תנ"ך־איבערזעצונגען אויף פאַרשיידענע ראָמאַנישע שפּראַכן באַווייזט, אַז נישט געקוקט אויף אַלע פאַרשיידנקייטן פון די דאָזיקע שפּראַכן אַליין פאַר זיך גענומען, שטויסט מען זיך דאָרט אָן אויף אַ רייע שותּפותע שטריכן 35), פּונקט ווי מיר האָבן דאָס פריער קאָנסטאַטירט בנוגע צום תימנער און אַל־זשירער אַראַביש־יידיש. און אקוראַט ווי דאָרט, דער־קלערט זיך אויך דאָ די דאָזיקע שפּראַכלעכע שותּפות מיט די אומעטום גילטיקע געזעצן פון יידישער שפּראַך־פאָרמירונג. און זאָל דאָ נאָך דערך־אַגב פאַרצייכנט ווערן, אַז אַפילו אַזאַ קליינער יידישער קיבוץ ווי פון די ארבע קהילות פון קאָמטאַ ווענעסען, האָט אַנטוויקלט אַן אייגענעם דיאַלעקט — אַ געמיש פון עלעמענטן פון דריי שפּראַכן : פראַנצויזיש, פּראָוואַנסאַליש און העברעאיש, אַ דיאַלעקט וואָס האָט אָנגעהויבן אונטערגיין ערשט צום סוף פון 18־טן יאָרהונדערט אַלס רעזולטאַט פון אויס־וואַנדערונג און פון דער פיל געבענטשטער עמאַנציפּאַציע 36).

וועגן אונזער יידיש, דעם אשכּנזישן, איז איבעריק צו רעדן מיט אַ יידיש־לייענער. די חקירות וועגן דעם, צי יידיש איז אַ שפּראַך, צי בלויז אַ „זשאַרגאָן", געהערן צו דער פאַרגאַנגענהייט. היינט צו טאָג וועט איר מוזן זוכן מיט ליכט עמיצן, וואָס זאָל לייקענען, אַז יידיש

35) D. S. Blondheim, ibid. pp. IX-X, XXVII, LIV, XCVIII, CXII-CXIII, CXX-CXXIII, CXXXI-CXXXVIII.

36) ז. שייקאָווסקי, דאָס לשון פון די יידן אין די ארבע קהילות פון קאָמטאַ־ווענעסען. ניו־יאָרק 1948. ז"ז 5, 17.

האָט אַלע עלעמענטן פון אַן אמתער באַזונדערער שפּראַך. און אַטעסטאַט אויף דעם האָט יידיש באַקומען פון דער רייכער יידיש־ליטעראַטור, פון די פריערדיקע און פון היינטיקע צייטן.

פון דער קורצער און זיכער נישט אויסשעפּנדיקער איבערזיכט איבער יידישע שפּראַכן און דיאַלעקטן בעט זיך דער אויספיר, אַז אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער, ווו יידן האָבן געלעבט אין גרויסע צאָלן, האָבן זיי אויסגעפורעמט און אַנטוויקלט אייגענע שפּראַך־אינסטרומענטן. די קאָנטינואיטעט פון דער יידישער שפּראַך־טראַדיציע רייסט זיך קיינמאָל נישט איבער, הגם די שפּראַכן גופא האָבן יידן, אונטערן דרוק פון אומשטענדן, פון צייט צו צייט געביטן, אָבער כלל נישט אַזוי אָפט און גאָר נישט אַזוי גיך, ווי מען שטעלט זיך דאָס ביי אונז פאָר. נאָר וועגן דעם וועט נאָך זיין די רייד ווייטער.

# ד. די פאַקטאָרן פון יידישער שפראַך־פאָרמירונג

וואָס זענען געווען די פאַקטאָרן, וואָס האָבן געבראַכט צו דער פאָרמירונג פון יידישע שפּראַכן אין גלות און געווירקט אויף זייער אַנטוויקלונג? די סיבה פון אַלע סיבות פון דער דאָזיקער איינציקער איז איר מין דערשיינונג דאַרף מען, ווי מיר ווייסן שוין, זוכן אין דער נאַציאָנאַל טיף ־ געשטעמפּלטער יידישער פּערזענלעכקייט, וועלכע ברענגט צו איינגאַרטיקייטן אין אַלע גייסטיקע מאַניפעסטאַציעס פונם יידן, בתוכם — אויך אין דער שפּראַכלעכער. מען מוז ניט דוקא מאַכן פון דער שפּראַך אַן אָפּגאָט און זען אין איר דעם איינציקן אחים־דרוק פון יידישן גייסט, דעם איינציקן תנאי פאַרן יידישן קיום, ווי עס טוען העברעאיסטן אויף איין זייט און יידישיסטן אויף דער צווייטער, כדי איינצוזען, וואָס פאַר א גרויסן ווערט די שפּראַך באַזיצט אין דער קולטור פון פאָלק. דער באַקאַנטער אַמעריקאַנער לינגוויסט, עדוואַרד סאַפּיר, וועלכער האָט גיכער א נטיה, ווי בכלל יידישע געלערנטע, וואָס ווייסן ניט אָדער פילן ניט דעם טעם פון אַן אייגענער שפּראַך, פון א „מאַמע־לשון“, אונטערצושאַצן די חשיבות פון דער שפּראַך און ער האַלט דערום, אַז שפּראַך און קולטור זענען ניט אינערלעך אַסאָציאירט, לייקנט פונדעסטוועגן ניט די קעגנווירקונג פון שפּראַך און געדאַנק. אמת, די שפּראַך איז

בלויז אַן אינסטרומענט, אָבער אַן דעם דאָזיקן אינסטרו־מענט קען דער געדאַנק קיין אויסדרוק ניט געפינען. עס־שט ווען מ׳ענטשן געפינען דעם וואָרט־סימבאָל, ע׳שט דעמאָלט באַקומען מיר דעם שליסל צום באַגריף גופא. וואָלטן מענטשן, פרעגט ער ריכטיק, גרייט געווען צו שטאַרבן פאַר „פרייהייט" אָדער צו קעמפן פאַר „אידע־אַלן", ווען די ווערטער וואָלטן אין אונז ניט געקלונ־גען? 37). במילא איז בדרך כלל געטירלעך, אַז דאָרט וווּ ס׳איז פאַראַן אַן אָריגינעל־שעפערישער געדאַנק, דאָרט וווּ ס׳זענען פאַראַן אייגנאַרטיק ־ ניואַנסירטע עמאָציעס און געפילן, מוזן זיי געפינען אויך אַ באַזונדערן שפּראַכ־לעכן אויסדרוק.

דערמיט איז געגעבן געוואָרן די שטאַם־סיבה פון דער טראַנספאָרמירונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט די פרעמ־דע שפּראַכן, וואָס יידן זענען געצוווּנגען געווען, אַלס אַ מינדערהייט צווישן מערהייט פעלקער, מיט זיי זיך צו באַנוצן. בלייבט נאָך אָבער צו זען, וועלכע זענען גע־ווען די דירעקטע און קאָנקרעטע פאַקטאָרן, וואָס אין זיי איז די דאָזיקע הויפּט־סיבה נת־גלה געוואָרן און וואָס האָבן פון זייער זייט משפּיע געווען אויף די יידישע שפּראַכלעכע פּראָצעסן.

אין 1915 האָט מתתיהו מיזעס פאַרעפנטלעכט אַ בראָשור אין דייטש אונטערן טיטל „די ענטשטייאונגס־אורזאַכע דער יידישען דיאַלעקטע". די דאָזיקע בראָשור איז כולל דאָס טיפסטע און גרינטלעכסטע, וואָס איז ביז אים אין דער סוגיא געזאָגט געוואָרן. און ס׳איז מאָדנע,

37) Edward Sapir, Language, New York 1939, pp. 16-17, 227-30.

וואָס הגם מיזעס איז געווען איינער פון די טעאָרעטי־קער פון יידישיזם און אַן אַנטיילנעמער אין דער טשער־נאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ, איז זיין בראשור פאַר־ביי כמעט אומבאַמערקט פאַרן יידישיסטישן עולם. און די סיבה איז אַ פּשוטע: מיזעס, וועלכער האָט באַטראַכט די יידישע אמונה ווי דעם איינציקן פאַקטאָר פון יידי־שער שפּראַך־בילדונג, האָט, פאַרשטייט זיך, ניט גע־קענט אויסנעמען ביי אַ באַוועגונג, וואָס „וועלטלעכ־קייט" איז געווען איר פאָן. איז מאַקע מיזעס איינזיי־טיק, בעת ער דערקלערט דעם דת ווי דעם ערשטן און איינציקן פאַקטאָר פון דעם אויפקום פון יידישע שפּראַכן 38). אָבער עס קען קיין שום ספק ניט זיין, אַז ניט בלויז ביי אונז, נאָר אויך ביי אַנדערע פעלקער האָבן אמונה און קירך געשפּילט אַ גאָר גרויסע ראָלע אין דער בילדונג און אַנטוויקלונג פון שפּראַכן. אפילו דער מאַרקסיסט מאַרסעל כהן איז מודה אין דער דאָ־זיקער השפּעה פון רעליגיע און ציטירט, אינאיינעם מיט אונזער יידיש, דעם ביישפּיל פון הינדוסטאַני, וועלכע איז אַ טאָפּלטע שפּראַך: בעת די בראַהאַמיניסטן שריי־בן די דאָזיקע שפּראַך אין הינדו־שריפט און באַנוצן אַ סך סאַנסקריטישע ווערטער, שרייבן זי די מוסולמענער מיט אַראַבישער שריפט און מיט אַ שלל אַראַבישע ווער־טער 39).

אַז ביי אונז יידן איז דער דת געווען אַן ערשטראַנ־גיקער פאַקטאָר אינם אויפקום פון אונזערע גלות־שפּראַכן,

38) M. Mieses, Die Entstehungsursache der Juedischen Dialekte, Wien 1915, SS. 10-12, 77-79.

39) Marcel Cohen, Le langage, Paris 1950, pp. 24-5.

אין דעם זענען ביי די געלערנטע, הן יידן הן קריסטן, קיין חילוקי דעות ניט פאַראַן. ל. שפּיצער, דער וואָס האָט פאַרנומען דעם פילמאַל ציטירטן בלאנדהיימס אָרט אויף דער קאַטעדרע פאַר ראָמאַנישע שפּראַכן אין האָפּ־קינס אוניווערסיטעט, קומט צום אייגענעם אויספיר ווי מיזעס „אַז די רעליגיע פונם מיטלאַלטערלעכן יידישן קבוץ איז געווען דער הויפּטפאַקטאָר אין שאַפן ייִדישע לשונות״ 40). מיר האָבן שוין אויך געזען, אַז אַלע יידישע שפּראַכן האָבן גענומען פון העברעאיש די ווער־טער, וואָס האָבן אַ שייכות צו אמונה־באַגריפן און עני־נים. פאַר הייליקע באַגריפן האָט מען געמוזט באַנוצן הייליקע ווערטער. נעמט, למשל, די באַצייכענונג פון די טעג פון דער וואָך אין אונזער יידיש. אַלע טעג האָבן אין יידיש זייער אָריגינעלן גוישן נאָמען, וואָס זיין מיין איז נאָך פאַרבונדן מיט געצנדינערייִ. קומט אָבער צום שבת קודש, בלייבט דער ייד שטיין, זאָגט זיך אָפּ צו געברויכן דעם גוישן נאָמען פאַרן הייליקן טאָג. אָדער נעמט אין דזשודעזמע דאָס וואָרט פאַר זונטיק. ביים שפּאַניער הייסט דער טאָג דאָמינגאָ, וואָס שטאַמט, ווי דער פראַנצויזישער דימאַנש, פון לאַטייניש דיעס דאָמיניקאַ — „דער טאָג פונם האר״ (דער טאָג פון ישום אויפשטיין פון קבר). פאַר דער באַצייכענונג, גענומען פון אַ לע־בעדיקער פיינטלעכער רעליגיע, האָט דער ייד, כּשמעות, זיך מער אָפּגעשראָקן ווי פאַר די טויטע אָפּ־געטער פון אַלטערטום, און אַנשטאָט דאָמינגאָ האָבן די ספרדישע יידן אין זייער לשון געברויכט דאָס אראַ־

40) ל. שפּיצער, דער אויפקום פון די יידיש־ראָמאַנישע שפּראַכן. ייוואָ-בלעטער, באַנד 14, נומער 3-4.

ביש וואָרט אלחאד, וואָס מיינט דער ערשטער (טאָג פון דער וואָך). דאָס אייגענע האָבן זיי געטאָן מיטן שפּאַנישן וואָרט פאַר גאָט „דיאָס". ערשטנס האָט דער סוף־עס דעם נאָכקלאַנג פון מערהצאָל. והשנית האָבן ספרדישע יידן בכלל ניט געוואָלט אַרויסזאָגן גאָטס נאָמען אויפן גוישן שטייגער. האָבן זיי אָנשטאָט דיאָס איינגעפירט „דיאָ" און מיסיף געווען דעם באַשטימטן אַרטיקל על. האָט זיך באַקומען דאָס וואָרט „על דיאָ" — דער גאָט, וואָס לאָזט ניט איבער קיין שום ספק אין אחדות הבורא, אָבער דאָס איז אַ וואָרט, וואָס עקזיסטירט גאָר נישט אין שפּאַניש 41).

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט געפינט זיך די געוואַלדיקע השפּעה פון תנ"ך אויף דער בילדונג פון יידישע שפּראַכן. די הייליקע שריפט איז פאַרן יידן הייליק ניט בלויז אין איר אינהאַלט, נאָר אויך אין איר פאָרם. זענען יידן געווען שטאַרק אָפּגעהיט, אַז דער אָריגינאַל זאָל אין דער איבערזעצונג ניט באַקומען די מינדסטע פגימה. בכן האָט זי געמוזט זיין קודם כל טעקסט־געטריי, אפילו אויב די שפּראַך זאָל אַרויס דערפון מיט „צעבראָכענע ציינער". אַז דער מלמד האָט גענומען דעם טייטל און געהייסן דעם יינגל נאָכזאָגן: בראשית — אין אָנהויב, ברא — האָט באַשאַפן, אלקים — גאָט, את השמים — דעם הימל, ואת הארץ — און די ערד, האָט ער שוין „צוקאַלעטשעט" די דייטשע שפּראַך און געשאַפן דעם אָנהויב פון אונזער יידיש. פּונקט אַזוי איז די איבערזעצונג פון די שבעים און פון עקילס געווען

41) C. M. Crews, Recherches sur le judéo-espagnol dans les pays balcaniques. Paris 1935, pp. 15, 18-19.

דאָס וויגעלע פון יידיש־גריכיש. און אקוראט אזוי איז דאָס פאַרגעקומען מיט אַלע אַנדערע תנ"ך ־ איי־בערזעצונגען אויף די פאַרשידענע גלות־שפּראַכן. אזוי לייענען מיר אויפן שער־בלאַט פון דער שפּאַנישער תנ"ך־איבערזעצונג („פעראַרער ביבל"), אַז די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן „וואָרט ביי וואָרט" (פּאַלאַב־ראַ פאַר פּאַלאַבראַ). אַז אַזאַ איבערזעצונג האָט געמוזט „פאַרדאַרבן" די שפּראַך, איז קלאָר גענוג. און טאַקע מחמת דעם איז מענדעלסאָנס „ביאור", וואָס האָט גע־וואָלט געבן דעם תנ"ך אויף ריינעם דייטש, געווען דער אָנזאָג ניט בלויז פון נאַציאָנאַל־רעליגיעזער אַסימילאַ־ציע, נאָר אויך אויף דער ירידה פון יידישן לשון צווישן דייטשע יידן. האָבן טאַקע די יידישע רבנים פון יענער צייט, די פעסט־פאַרוואָרצלטע אין יידישן גייסט און יידישער טראַדיציע, אינסטינקטיוו דערשפּירט די סכנה, וואָס די דאָזיקע „אומשולדיקע" רעפאָרם האָט געטראָגן אין זיך.

די שריפט האָט דעם גרעסטן פאַרדינסט דערביי, וואָס די פרעמדע שפּראַכן זענען פאַריידישט געוואָרן און צו אַ שריפטשפּראַך זענען זיי געוואָרן דורכן תנ"ך און אַנדערע ספרים פון רעליגיעזן כאַראַקטער. די דאָזיקע ספרים האָבן פאַרוואַנדלט די בלויז גערעדטע גלות־שפּראַכן אין ליטעראַטור־שפּראַכן, זיי געמאַכט „פאַר אַ לייט".

וועגן דער גרויסער השפעה פון העברעאיש אויפן אויפקום פון די באַזונדערקייטן, וואָס דורך זיי האָבן זיך די יידישע שפּראַכן אונטערשידן פון זייערע שטאַם־לשונות, איז שוין דערמאָנט געוואָרן אויבן ביי פאַר־שידענע איינצלנע פאַלן. אָבער ניט בלויז דערין האָט

זיך די דאָזיקע השפּעה באַוויזן, וואָס פון העברעאיש זענען אַריבערגענומען געוואָרן אין די פרעמדע לשונות אַ היפּשע צאָל ווערטער. אונטער דעם איינפלוס פון העב־רעאיש, האָט זיך אויך געענדערט זייער מאָרפאָלאָגיע און דער זאַצבוי. דאָס איז געשען מיט גריכיש, מיט אַראַ־ביש, מיט דייטש און מיט אַלע אַנדערע פרעמדע שפּראַ־כן וואָס יידן האָבן איבערגענומען. פאַראַן אָבער נאָך עפּעס וויכטיקערעס, און דאָס איז — די פולע צונויפ־שמעלצונג פון העברעאיש מיט די יידישע גלות־שפּראַכן אין טעקסט און אין גייסט. אין די יידיש־אַראַבישע טעקסטן, וואָס שטיינשניידער ברענגט אין זיין ווערק וועגן דער אַראַבישער ליטעראַטור ביי יידן, וואַרפט זיך אין די אויגן דער „משונהדיקער" (פאַר אַ פרעמדן, פאַר־שטייט זיך) געמיש פון העברעאיש און אַראַביש. אין דעם אייגענעם זאַץ טרעפט איר דאָ אַ העברעאיש, דאָ אַן אַראַביש וואָרט און זיי לעבן בשלום זייט ביי זייט. אפילו דער טיטל פון די ספרים איז, איבריקנס ווי אין אונזער יידיש, אָפט צונויפגעשמעלט פון אַראַבישע און העברעאישע ווערטער 42). ד"ר ווילהעלם באַכער, וואָס האָט געפאָרשט די פּאָעטישע ווערק פון די תימנער יידן, שטרייכט אונטער דעם אויסטערלישן פאַקט פון דעם שפּראַכגעמיש, וואָס הערשט דאָרט. תימנער יידישע פּאָ־עטן האָבן געשריבן שירים אויף העברעאיש, אויף אַראַ־ביש (יידיש־אַראַביש) און אויף העברעאיש־אַראַביש. פון 199 שירים פון גרויסן תימניש־יידישן פּאָעט יוסף שבזי, זענען 56 העברעאישע, 52 אַראַבישע און 91 געמישטע.

42) Moritz Steinschneider, ibid. SS. 259-67, 275, 278-9, 282.

ד. ה. צווייִשפּראַכיקע און אין געוויסע פאַלן — אַפילו דרייִשפּראַכיקע (עס קומט צו אַראַמיש). און די באַנוצונג פון צוויי שפּראַכן אין דעם אייגענעם טעקסט, אָפטמאָל אַפילו אין דעם זעלביקן זאַץ, איז געווען אַזוי נאַטירלעך ווי דאָס האָט נאַטירלעך געקלונגען פאַר די לייענער און צוהערער. זאָגט דערצו באַכער, אַז ניט בלויז די יידישע נאָר אויך די וועלט־ליטעראַטור קען ניט קיין צווייטן משל פון אַזאַ צונויפגעפלאָכטענער צווייִשפּראַכיקייט 43). וועגן דער וועלט־ליטעראַטור איז באַכער גערעכט. אָבער מכח דער יידישער, איז ער אַרייַנגעפאַלן אין אַ טעות. די טאָפּלשפּראַכיקייט, וואָס ער דערמאָנט, איז כאַראַקטעריסטיש ניט בלויז פאַר דעם אַראַביש־יידישן דיאַלעקט פון די תימנער יידן, נאָר איז שותפותדיק פאַר אַלע יידישע גלות־שפּראַכן, אָנגעהויבן מיט אַראַמיש (די גמרא, למשל). מען דאַרף קיין סך צייט ניט פאַרלירן, כדי צו באַווייזן, ווי ענג העברעאיש און יידיש זענען געקניפּט און געבונדן אין די מאָדערנע יידיש־ווערק. אָבער דאָס אייגענע זעען מיר אויך אין די אַלטע יידישע ווערק און דאָקומענטן. עס איז טשעקאַווע צו בלעטערן דעם פּנקס פון ועד ארבע הארצות און צו זעען ווי די מחברים פון די תקנות פילן גאָר ניט, אַז זיי שרייבן גלייכצייטיק אויף דריי שפּראַכן — העברעאיש, אַראַמיש און יידיש 44). משמעות, אַז די מחב־

---

43) Dr. Wilhelm Bacher, Die Hebraeische und arabische Poesie der Juden Yemens. Strasbourg 1910. SS. 10-11, 63-65.

44) מוסטערן קען מען געפינען ביי ישראל היילפּערין, פנקס ועד ארבע הארצות, ירושלים תש״ה ע״ע 2־3, 62-65, 122־125, 148-150, 195-197.

רים האָבן גאָר ניט געהאַט דעם באַוווסטזיין, אַז זיי גייען איבער פון איין שפּראַך צו אַ צווייטער. אַזוי נאָ־ענט און קרובותדיק האָבן פאַר זיי געקלונגען די צוויי יידישע שפּראַכן. דאָס אייגענע איז ריכטיק אויך בנוגע צו לאַדינאָ, וואָרום אויך דאָרט טרעפן מיר אפילו אין פּאָעזיע דעם אייגענעם געמיש פון העברעאיש און שפּאַניש. איך וועל דאָ נאָר ברענגען איין מוסטער פון אַ ליד, דאַטירט פון 1732 און ציטירט אין דערמאַנטן ווערק פון קייזערלינג 45):

יא ווענדראַ מאזעס על פאסטאר נאמן
קע פאַר סו זכות דעזסענדאַ מן
אי אגארא (אהארא) פרעסטא ווענדרא על זמן
דע רעסקאטאר א היזשאס (היכאס) דע ציון

די דאָזיקע מאַפּלשפּראַכיקייט האָט געפונען איר אויסדרוק ניט בלויז אין דעם שפּראַך־געמיש פון די טעקסטן. נאָך וווּנדערבאַרער איז דער פאַקט, באמת אַן אוניקום אין דער ליטעראַטור־געשיכטע בכלל, פון דער פולער באַהערשונג, וואָס מיר טרעפן ביי די גרעסטע יידישע חכמים און שרייבער פון אַלע צייטן, פון צוויי שפּראַכן — פון העברעאיש און פון דער גלות־שפּראַך — אַ באַהערשונג, וואָס וואָלט ניט געקענט געמאָלט זיין, און דערפאַר קומט זי אין ערגעץ, חוץ ביי יידן, טאַקע ניט פאָר, ווען ניט די אָרגאַנישע און אינטימע צוזאַ־

---

45) Kayserling ibid. p. XX.

קייזערלינג גיט דעם פראַגמענט מיט לאַטיינישע בוכשטאַבן. ס'קענן דערום זיין ניטפּינקטלעכקייטן אין מיין טראַנסקריפּציע מיט יידישע אותיות. אין קלאַמערן האָב איך געגעבן די איצטיקע אויסשפּראַך פון די שפּאַנישע ווערטער, בעת דער טעקסט באַנוצט די אַמאָליקע אויסשפּראַך. די העברעאישע ווערטער זענען פון מיר אונטערגעשטראָכן.

מענגעבונדנקייט פון די ביידע שפראַכן. געגנוג אָנצורופן ר׳ יהודה הלוי און דעם רמב״ם 46) פאַר דער אראַביש־יידישער עפּאָכע, ביאַליק, מענדעלע און פּרץ — פאַר דער אַשכנזיש־יידישער.

דאָס וואָלט אָבער ניט מעגלעך געווען אָן דעם העב־רעאישן אלף בית. די פּסיכאָלאָגישע ווירקונג פון דעם דאָזיקן, ווי עס קען זיך דוכטן — בלויז טעכנישן, בלויז אויסערלעכן — פאַקט איז גאָרניט צו באַשרייבן. ניט אומזיסט האָט דער רמב״ם פאַרבאָטן איבערצושרייבן זיין מורה נבוכים מיט אַראַבישער שריפט. דער יידישער אלף בית האָט דעם יידן געגעבן דאָס געפיל פון עפּעס אייגנס און דאָס באַוווסטזיין, אַז ער קען מיט דער אויסגעבאָרגטער שפּראַך זיך באַגיין כאדם העושה בתוך שלו. דאָס האָט באַפרייט דעם שרייבער פון דער גע־בונדנקייט דורך די גראַמאַטישע כללים, ווערטער און ווענדונגען פון דער פרעמדער שפּראַך און אים געגעבן די פרייהייט פון אומאָפּהענגיקן זעלבסטשטענדיקן שאַ־פן. די יידישע שריפט האָט אים אויך פאַרשאַפט דאָס געפיל, אַז ער איז צווישן יידן, אַז קיין זייטיקער הערט אים ניט און אַז ער איז דערום ניט מחויב זיך צו פאַר־קנעפּלען אויף אַלע קנעפּלעך ווי בעת מען געפינט זיך

46) דער רמב״ם איז געגאַנגען אַזוי ווייט צו דערקלערן, אַז אַראַביש איז אַ ביסל אַ פאַרגרייזטער עברית (זע זיין בריוו צו ר׳ שמואל אבן תבון אין די אגרות ותשובות הרמב״ם, אויסגאַ-בע פון האחים לוין אפשטיין, ירושלים). ס׳איז דערביי ניט וויכ־טיק, וואָס דעם רמב״מס מיינונג איז פילאָלאָגיש ניט באַגרינדעט. זי איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם געפיל פון קרובהשאַפט פון די צוויי שפראַכן, וואָס יידן האָבן בלי ספק געהאַט, בפרט ווען אויך די צווייטע יידישע שפּראַך איז געווען פון דער סע-מיטישער שפּראַך־משפּחה.

צווישן פרעמדע. נישטאָ קיין אמתע שעפערישקייט און אינטימקייט. די יידישע שריפט האָט געשאפן פאַרן יידן אַ היים, בעת גוייש וואָלט אים אַוועקגעשטעלט אויפן מאַרקפּלאַץ, אין אַ רשות הרבים. באַזינגט טאַקע דאָס יידישע פאָלקסליד מיט אַזויפיל ליבשאַפט און האַרצי־קייט די „טייערע אותיולעך", וואָרום אינם דאָזיקן גוף רוט די יידישע נשמה.

איך געדענק מער ניט, ווען פון די ראַדיקאַלע יידי־שיסטן איז אַמאָל איינגעפאַלן דער „געניאַלער" גע־דאַנק, אַז מען וואָלט כ׳לעבן געדאַרפט אַריבערגיין פון העברעאישן אלף בית צום לאַטייניש און דערמיט „דער־שיסן צוויי האָזן מיט אַמאָל". ערשטנס — לייכטער מאַכן דאָס לייענען יידיש פאַר יידן, וואָס קענען ניט דעם אלף בית, און צווייטנס געווינען פאַר דער יידישער ליטעראַטור ניט־יידישע לייענער. שטעל איך מיר ניט פאָר, אַז מיר וואָלטן מיטן דאָזיקן מיטל אַ סך פון זיי צוגעצויגן. אָבער אַז מיר וואָלטן פאַרלאָרן ניט בלויז יידישע לייענער, נאָר אויך דאָס יידיש לשון גופא, דע־רין בין איך ניט מסופק. אַלע רעפאָרמעס אין יידישן לעבן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין נאָמען פון „באַ־קוועמלעכקייטן", כלומרשט כדי לייכטער צו מאַכן פאַר יידן דעם עול פון יידישקייט, האָבן ניט געבראַכט צו־ריק אין אונזער מחנה די פאַרבלאָנדזשעטע קינדער פון ישראל, נאָר פאַרקערט געפירט צו אַסימילאַציע און שמד. אקוראַט אַזוי וואָלט די דאָזיקע רעפאָרם געפירט מיטן גלייכן און קירצסטן וועג צו דער ירידה פון אונ־זער יידיש לשון. אָפּגעריסן פון זיין מקור, וואָלט ער גע־בליבן הענגען אין דער לופטן און לאַנג אין אַזאַ פּאָזע וואָלט ער זיך ניט געקענט האַלטן.

ווילט זיך מיר דאָ ציטירן פאַר אונזערע חסידים פון „באַקוועמלעכקייטן” און פון „פּראַקטישקייט”, וואָס אין זייער נאָמען האָט מען דערקלערט העברעאיש פאַר אַן איבעריקן באַלאַסט און — דעם העברעאישן אויסלייג אין יידיש פאַר אַ נאַרישן פאַראורטייל, דאָס וואָס עס האָט ניט לאַנג צוריק געזאָגט קואָ־מאָ־זשאָ, וויצעפּרע־זידענט פון מיניסטאָרן־ראַט פון דער כינעזישער פאָלקס־רעפּובליק און פּרעזידענט פון דער לינגוויסטישער סעק־ציע פון דער כינעזישער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן. בידוע, איז די כינעזישע שריפט די שווערסטע אין דער וועלט. זי איז פּיקטאָגראַפיש און אידעאָגראַפיש און זי האָט דערום אַ קאָלאָסאַלע צאָל שריפטצייכנס, כמעט 60.000, אַנשטאָט די פאַר ציענדליק פון די אייראָפּעאי־שע פאָנעטישע אַלפאַבעטן. האָבן אַ סך דערוואַרט, אַז נאָך דעם ווי דער קאָמוניזם איז געקומען צו דער מאַכט אין כינע, וועט מען די אַלטע כינעזישע שריפט אַרויס־וואַרפן אין מיסטקאַסטן. קען מען באמת זיך אויסמאָלן אַ וויניקער באַקוועמע און אַ מער אַנטידעמאָקראַטישע שריפט, ווי די דאָזיקע, וואָס מען מוז יאָרן אַוועקגעבן אויף זיך אויסצולערנען לכל הפחות דעם מינימום פון 6 טויזנט צייכנס, וואָס אָן זיי קען מען קיין בוך און אפילו קיין צייטונג ניט לייענען. קומט קואָ־מאָ־זשאָ און דערקלערט, אַז די רעגירונג האָט ניט בדעה צו בייטן די נאַציאָנאַלע שריפט אויף אַן אַנדערע, ווייל דעמאָלט וואָלט געשטעלט געוואָרן אין סכנה די כינעזישע קול־טור־איינהייט (די גערעדטע כינעזישע שפּראַך איז, ווי באַוווּסט, פאַרשיידן לויט פּראָווינצן און נאָר די געשרי־בענע איז איינהייטלעך פאַרן גאַנצן פאָלק) און דער כינעזישער קולטור־המשך. קלער איך זיך טאַקע: גע־

פּינט אדרבה אויף בעלנות אַ יידישן קאָמוניסט, וואָס זאָל זיך ברעכן דעם קאָפּ איבער יידישע קולטור־איינהייט און קאָנטינואיטעט. קיין גרעסערע דאגות האָבן די יידן גאָר ניט?

אויף נאָך איין מאָמענט, וואָס האָט געהאַט אַ געוויסן באַטייט פאַר דער פאַרמירונג פון יידישע שפּראַכן, וועל איך דאָ בלויז מרמז זיין. דאָס איז די יידישע יוריסדיקציע. דאָס וואָס יידן האָבן זיך ניט געלאָדן אין די ערכאות של עכו"ם, וואָס אַלע זייערע סכסוכים האָבן זיי פאַרגעבראַכט פאַרן יידישן בית דין, וועלכער האָט געמשפּט לויטן יידישן דין און מנהג, האָט געפירט דערצו, אַז אין די פרעמדע געברויך־שפּראַכן איז אריינגעבראַכט געוואָרן די העברעאיש־תלמודישע יוריסטישע טערמינאָלאָגיע, און אַזוי אַרום זענען זיי אויך אין דעם פּרט פאַריידישט געוואָרן (פּסקנען, סכסוך, טענות, תביעות, חייב, זכאי, פּטור, קנס וכדומה וכדומה).

צוליב דער גאַנצקייט פונם בילד, דאַרף מען נאָך מוסיף זיין, אַז אַ חוץ די אויבנגעבראַכטע מאָמענטן פון ריין־רעליגיעזן און טיילווייז - רעליגיעזן כאַראַקטער, האָבן אויף דער יידישער שפּראַכן־בילדונג געווירקט אויך אייניקע וועלטלעכע מאָטיוון.

קודם כל מוז מען דאָ נעמען אין באַטראַכט דעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער פונם יידישן פאָלק. אפילו אין אַלטערטום און מיטלאַלטער, ווען דער גוי איז געווען צוגעבונדן צו זיין היים און צו זיין שטיקל באָדן, האָט שוין דער ייד געהאַט אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען מיט זיינע ברידער יידן, צעזייט און צעשפּרייט איבער לענדער און ימים. דער ייד האָט שוין אויך דעמאָלט געוואַנדערט, צי ווייל מען האָט אים געצוווּנגען,

צי צוליב מסחר, און אַזוי אַרום געזען לאַנד און לייט אין די וויטסטע מקומות. דאָס האָט געגעבן צוויי רע־זולטאַטן. ערשטנס — דאָס באַנוצן פון וואָכעדיקע העב־רעאישע ווערטער וואָס קערן זיך אָן מיטן האַנדל (מקח, סחורה, ריוח, היזק, הפסד וכדומה). ביי דער פּילשפּראַ־כיקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער וועלט, האָט העברעאיש אויף אַ נאַטירלעכן אופן געגעבן די אינטערנאַציאָנאַלע יידישע האַנדלס־טערמינאָלאָגיע. צווייטנס, האָבן צוליב דעם יידן פון איטלעך לאַנד אריינגענומען אין זייער לאָקאַלן דיאַלעקט ווערטער פון פרעמדע שפּראַכן, וואָס זענען געווען אין געברויך ביי יידן פון אַנדערע לענדער. אַזוי אַרום זענען די יידישע גלות־שפּראַכן געוואָרן די אינטערנאַציאָנאַלסטע לויט זייער ווערטער־אוצר. די „געמישטקייט" פון די יידישע שפּראַ־כן, וואָס גוים, און אין אונזערע צייטן — אויך יידן, האָבן פון איר אָפּגעלאַכט, איז בעצם געווען אַ גרויסע מעלה, אַ פּראָגרעס אין דער שפּראַכן־אַנטוויקלונג בכלל. די אייראָפּעאישע שפּראַכן האָבן ערשט אין דער נייס־טער צייט, בעת דער פּאַרקער צווישן לענדער איז גע־וואָרן לייכטער און גיכער, זיך באַרייכערט מיט פרעמד־ווערטער. אָבער שוין אין 11־טן יאָרהונדערט געפינען מיר צווישן רש"יס לועזים ניט בלויז פראַנצויזישע און דייטשע, נאָר אויך סלאַווישע ווערטער.

און צום סוף — אַ ריין וועלטלעכער מאָטיוו, אין היינטיקן ספּעציפישן זינען פונם וואָרט. הגם די מוטער אליין, העברעאיש, האָט אויך פון צייט צו צייט „אונ־טערגעזינדיקט" מיט וואָכעדיקע סיווזשעטן, האָט די טאָכטער, ווי אַ יונגע, זיך געקאָנט דערלויבן צו זיין פריי־ער, אָבער, פאַרשטייט זיך, חלילה, ניט פאַרשייט. אַ

בדחן, וואָס האָט משמח געווען דעם עולם ביי שמחות, האָט עס געקאָנט טאָן נאָר אויף דער פאָלקסשפּראַך. ניט בלויז דערפאַר, וואָס זי איז געווען פאַרשטענדלעכער, נאָר אויך מהמת דעם וואָס נאָר אויף אַ לשון חול האָט מען געקאָנט זיך דערלויבן אַ לייכטזיניק און אַפילו אַ צווייִדייטיק וואָרט, וואָס לשון קודש וואָלט אין יענע יאָרן ניט פאַרטראָגן. די „שפּילמאַן־תקופה" אין דער יידישער ליטעראַטור וואָלט ניט דענקבאַר געווען אַמאָל אין דער העברעאישער שפּראַך. און אַפילו די תנ"ך־מאָטיוון גופא האָבן אויף דער פאָלקסשפּראַך געקענט אָננעמען אַ וועלטלעכע, ליטעראַרישע אָדער טעאַטראַלע, פאָרם (אַחשורוש־שפּיל, עקידת יצחק, מכירת יוסף און אז. וו.).

נאָך אחרי ככלות הכל, מוז מען זאָגן, אַז די ראָלע פון די וואָכעדיקע אָדער וועלטלעכע מאָמענטן איז אין דער פאָרמירונג פון די יידישע שפּראַכן געווען נאָר אַ קליינע אין פאַרגלייך מיט דעם אָרט פון דת, תנ"ך און העברעאיש. זייער ראָלע איז געווען מכריעדיק. נעמט אַוועק עברי פונם עברי־טייטש, בלייבט הוילע דייטש, ווי ביאַליק האָט דאָס טרעפלעך געזאָגט אין איינעם פון זיינע גלענצנדיקע רעפעראַטן 47). שניידט מען אָפּ יידיש פון יידישן דת, פון יידישע הייליקייטן, גראָבט מען אונטער איר סאַמע עקזיסטענץ. נאָך אַ דור און נאָך אַ דור און שלום עליכם און פרץ וואָלטן געוואָרן ניט פאַרשטענדלעך אַפילו פאַר יידן, וואָס וועלן נאָך קענען יידיש. פשוט דערפאַר, ווייל דער אינהאַלט פון זייערע

47) ח. נ. ביאַליק, שאלת הלשונות בישראל אין דברים שבעל פה, ספר שני, תל אביב תרצ"ה.

ווערק וואָלט פאַר זיי געווען פרעמד און אויסגעזען ווי עפּעס עקזאָטישעס. אַט גייען אין פּאַריז אַרוים צוויי יידישע צייטונגען, וואָס דרוקן זיך שבת, ווי ס'איז אָנ־געוויזן אויפן אָרט פון דער דאַטע. אָבער דאָס וואָרט שבת איז דאָ אַ פּוסט וואָרט און קען ניט אַרויסרופן ביים לייענער קיין שום אַסאָציאַציעס און פאָרשטעלונ־גען, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן דאָזיקן וואָרט, ביי יידן, וואָס פירן אַ יידישן שטייגער און היטן שבת ווי דעם טאָג פון מנוחה און קדושה. איז דער אינהאַלט פון שבת אויסגעליידיקט געוואָרן, איז שוין אַלץ איינס, צי באַנוצט מען דאָס דאָזיקע יידישע וואָרט אָדער אַ וואָרט פון גוייש לשון. יידיש לשון פאַרט זיך נאָר מיט אַ יידיש לעבן. זיין טעם און זיין חן גייען פאַרלאָרן צוזאַמען מיטן פאַרשווינדן פון יידישן שטייגער.

# ה. די פאַרשידנוואַרטיקייט און די פאַרשידענע ווידערשטאַנד־פעאיקייט פון יידישע שפּראַכן

וויל מען, ווי מיר האָבן דאָס געטאָן ביז איצט, כאַראַקטעריזירן די אלגעמיינע געזעצן, וואָס גילטן פאַר אַלע יידישע גלות־שפּראַכן, די שותפותדיקע פאַקטאָרן, וואָס זענען באַטייליקט אין זייער אויספורמירונג, מוז מען בהכרח זיי באַטראַכטן ווי איין פּענאָמען. אָבער דערפון דאַרף מען נית דרינגען, אַז די אַלע שפּראַכן זענען גלייך און גלייכוואַרטיק. די ווירקונג פון באַשטימטע געזעצן הן אין דער נאַטור הן אין סאָציאַלן לעבן קען זיין פאַרשידן לויט דעם כאַראַקטער פונם באַווירקטן אָביעקט אָדער לויט דער געזעלשאַפטלעכער סביבה, בעת מיר האָבן צו טאָן מיט מענטשלעכע קאָלעקטיוון. די השפּעה פון דעם אָדער יענעם פאַקטאָר ווענדט זיך נית נאָר אין אים אַליין נאָר אויך פון דעם, וואָס איז די השפּעה מקבל, נית בלויז פון דעם משפּיע, נאָר אויך פון דעם מושפּע.

בלייבנדיק ביי אונזער טעמע, מיינט עס, אַז דער אַנטוויקלונגס־גראַד פון אַ יידישן אידיאָם אויפן וועג פון אַ דיאַלעקט צו אַ שפּראַך ווערט באַדינגט ערשטנס דורך דער גרויס און דעם קולטור־מצב פונם יידישן קבוץ, וואָס באַנוצט די געגעבענע שפּראַך, און פונם צייטאָפּשניט ווען זי ווערט באַנוצט. ביי אַנדערע־

גליַיכע באַדינגונגען, וועלן די שעפע־רישע פּאָטענצן פון אַ גרעסערן קבוץ זיין שטאַרקער ווי פון אַ קלענערן. במילא איז אַ שפּראַך פון מיליאָנען שלמותדיקער ווי אַזוינע, וואָס ווערט גערעדט פון טויזנ־טער אָדער הונדערט־טויזנטער. וואָס גרעסער עס איז דער קולטור־אוצר פון אַ קבוץ, אַלץ רייכער וועט אויך זיין זיין שפּראַך. פון דער אַנדער זייט, און ווידער אַמאָל ביי אַנדערע גליַיכע תנאים, וועט אַ שפּראַך זיין וואָס רייכער אין לעקסיקאָן, אויסדרוקן און ניואַנסן, וואָס עלטער זי איז און וואָס רייכער עס איז בכן איר ספרים־אַלמער, אַזוי צו זאָגן.

אויב העברעאיש האָט דערגרייכט אַ מדרגה, וואָס קיין יידישע גלות־שפּראַך האָט ניט דערלאַנגט, נעמט זיך דאָס טאַקע דערפון, וואָס זי איז הן די עלטסטע, הן די פאַרשפּרייטסטע, במילא — די רייכסטע פון אַלע יידישע לשונות. דער תנ"ך, די משנה, דער יד החזקה פון רמב"ם, די ציון־שירים פון ר' יהודה הלוי און אַז. וו. און אַז. וו. זענען געשאַפן געוואָרן אויף העברעאיש. און ניט בלויז די דאָזיקע איינמאָליקע שאַפונגען זע־נען מכריע. נאָך וויכטיקער איז דער פאַקט, וואָס מיט דער תורה און מיט די דאָזיקע ספרים האָבן יידן גע־לעבט לאַנגע דורות און אין אַלע לענדער פון דער יידישער צעשפּריי־טונג. און אַז יידן האָבן מיט זיי געלעבט, מיינט עס, אַז די ספרים גופא זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּערמאַנענטער, ניט איבערגעריסענער יידישער שאַפונג. מיט יעדן יידישן דור, וואָס האָט אין זיי אַריינ־געלייגט זיין קאָפּ און זיין האַרץ, וואָס האָט אויף זיי פירושים געשריבן און דרשות געדרשנט, זענען די דאָ־

זיקע ווערק אזוי ווי פון דאָס ניי געבוירן געוואָרן. טאַקע מחמת דעם געהערן דער מורה נבוכים און דער כוזרי צו דער העברעאישער ליטעראַטור, הגם דער אָריגינאַל איז געשריבן געוואָרן אויף אַראַביש אָדער אַראַביש־יידיש, ווייל צום יידישן עולם פון שפּעטערדיקע דורות זענען זיי דערגאַנגען דורך די צנורות פון העברעאיש און זייערע געדאַנקען זענען אין דער העברעאישער שפּראַך־פאָרם אריינגעדרונגען אין פאָלק, דורך די חכמים, וואָס האָבן זיי געלערנט און זיי ווייטער געטראָגן צו די מאַסן יידן, וואָס האָבן אפשר גאָר קיינמאָל די ספרים גופא אין די אויגן ניט געזען. די אָריגינאַלן אָבער זענען געבליבן פאַרחתמעט אין די אַרכיוון אָדער פאַרשטויבט אין וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעקן. ניט דער זכות פון העברעאיש אליין פאַר זיך, ווי אַ שפּראַך, איז בייגעשטאַנען די דאָזיקע ספרים, ווי עס מיינען געוויסע העברעאיסטן. ניט ווייניק ביכער, אויף העברעאיש געשריבן, האָבן געהאַט דעם אייגענעם מזל פאַרגעסן צו ווערן, ווי למשל דער מקור חיים פון ר׳ שלמה אבן גבירול, געשריבן אויף אַראַביש. ניט די שפּראַך־פאָרם האָט געראַטעוועט יידישע ספרים פון פאַרגעסנקייט נאָר זייער אינהאַלט, וואָס איז ווערט געווען אויפגעהיט צו ווערן לדורות, און דאָס האָט געקענט געשען נאָר אויף דער שפּראַך פון אַלע יידישע דורות.

אָבער פּונקט אַזוי ווי די יידישע גלות־שפּראַכן זענען ניט גלייך צו העברעאיש, אקוראַט אַזוי זענען זיי אַליין אויך ניט גלייך צווישן זיך. די וואָס וואַרפן זיי אַלע אַרייַן אין איין זאַק און נעמען זיי אַרום בלויז מיט דעם שם הכולל „יידישע גלות־שפּראַכן״, פעלשן בשוגג אָדער במזיד יידישע געשיכטע. ווען מ׳פירט דורך אַ גליי־

כונגס־צייכן צווישן יידיש און, לאָמיר זאָגן, לאַדינאָ, ווערט דאָס ניט געמאָן מיט דער כוונה אָפּצוגעבן כבוד לאַדינאָ, און זי האָט כבוד כשר פאַרדינט, נאָר כדי צו פאַרמינערן אין אונזערע אויגן איר עלטערע און בכבור־דיקערע שוועסטער — יידיש. ערנסט און אביעקטיוו גע־רעדט, קען מען ניט שטעלן אויף איין שטופע אראַמיש, למשל, וואָס איז געווען די אוניווערסאַלע יידישע שפּראַך פון דער מערהייט פון יידישן פאָלק אין אַ משך פון איבער טויזנט יאָר, און וואָס אויף איר איז געשריבן געוואָרן די גמרא, דער זוהר און אַז. וו., מיט, לאָמיר זאָגן, דעם יידיש־טאַטישן דיאַלעקט, וואָס ווערט גערעדט פון אַ צענדליק טויזנט באַרג־יידן אין קאַווקאַז, אָדער מיט דעם יידישן דיאַלעקט פון די שווייצער דערפער ענדינגען און לענגנאַו, וואָס ווערט גע־ברויכט פון אַ פּאָר הונדערט פאַמיליעס 48), הגם דער פאַקט גופא, וואָס אַזוינע קליינע יידישע עדהס האָבן די דאָזיקע דיאַלעקטן אַ לאַנגע צייט אויפגעהאַלטן, איז זי־כער אַ סימן פון יידישער שפּראַכלעכער שעפערישקייט און פון יידישער טריישאַפט און צוגעבונדנקייט צו די פּראָדוקטן פון אייגענער שאַפונג. וואָרום עס איז בפירוש ניט ריכטיק צו זאָגן, ווי דאָס האָט געטאָן אחד העם בשעתו, און ווי עס זאָגן אים איצט נאָך זיינע תלמידים, אַז קיין גלות־שפּראַך האָט זיך ניט איינגעוואָרצלט אין דער יידישער נשמה : „אַ לשון קומט און גייט אַוועק, זאָגט אחד העם, אַלץ לויט די באַדערפענישן פון דער

48) Dr. Florence Guggenheim - Gruenberg, Die Sprache der Schweizer Juden von Endingen und Lengnau. Zurich 1950.

צייטן; מיט אַלע באַנוצן מיר זיך און אַלע בלייבן אונז פרעמד. און ס'איז אַלץ איינס, וועלכע פון זיי הערשט היינט און וועלכע וועט הערשן מאָרגן" 49). ביאַליק, איינער פון די גרעסטע מייסטערס פון העברעאיש אין משך פון אונזער גלות, האָט שוין געהאַט מער געשיכט־לעכן חוש און מער פאַרשטענדעניש פאַר יידיש גייסטיק לעבן און פאַר יידישע פאָלקס־געפילן, ווען ער האָט גע־זאָגט, אַז דאָס בייטן פון איין שפּראַך אויף אַ צווייטער איז אַ טראַגישע איבערלעבעניש פאַרן יידישן פאָלק און אַז די ענוים, וואָס עס ליידט דערביי, קענען בלויז גע־גליכן ווערן צום שרעקלעכסטן פיין, וואָס אַ מענטש טראָגט איבער אין דער מינוט, ווען די נשמה האַלט זיך ביים שיידן פונם גוף 50).

און אַזוי ווי ס'איז שווער דער נשמה זיך צו שיידן פון גוף אפילו אויב זי זאָל מגולגל ווערן אין אַן אַנדער גוף, און זי ראַנגלט זיך מיט דעם מלאך המות מיט אירע לעצ־טע כוחות, אַזוי האָבן אויך יידן גאָר ניט אַזוי לייכט און גיך געביטן זייערע שפּראַכן, ווי עמעצער בייט העמטשקעס. אדרבה, יידן האָבן מיט דער גרעסטער עקשנות זיך געקלאַמערט אין זייערע שפּראַכן, אפילו אין די עמבריאָנען פון זייערע דיאַלעקטן, ווי, למשל, דער אקאַרשט אַנגערופענער מאַטיש־יידיש, וואָס האָט אי־בערגעלעבט די רעוואָלוציע גופא און האַלט זיך נאָך עד היום אין סאָוועט־פאַרבאַנד און האָט אויפגעהיט העב־

49) אחד העם, ריב לשונות. על פרשת דרכים, חלק רביעי, ברלין תרפ"א.

50) ח. נ. ביאַליק, דאָס ציטירטע בוך.

רעאַישע ווערטער און באַזונדערע ווענדונגען 51). אַ פּשי־טא שוין איז דאָס געווען דער פאַל מיט הויך־אַנטוויקל־טע יידישע שפּראַכן, זאָטע אין יאָרן און רייכע אין גייס־טיקע ווערטן.

ס'איז אָבער אויך בפירוש ניט ריכטיק, אַז יידן האָבן פּראָסט געביטן זייערע שפּראַכן לויט די באַדערפעניש פון דער צייט (צרכי השעה — ביי אחד העם). ס'איז פאַרקערט אַ היסטאָרישער אמת, אַז יידן האָבן זיך גע־האַלטן ביי זייערע שפּראַכן קעגן די באַדערפעניש און אַפילו די נויטווענדיקייטן פון דער צייט. ס'איז אַ חרפה און אַ בושה, אָבער אַ פאַקט בלייבט אַ פאַקט, אַז מיר האָבן נאָך ניט, און ווער ווייסט, צי מיר וועלן זי נאָך אַמאָל האָבן, ניט בלויז קיין יידישע שפּראַך־וויסנשאַפט, ווי עס איז שוין אויבן אָנגעוויזן, נאָר אַפי־לו ניט קיין יידישע שפּראַך־געשיכטע. במילא ווייסן מיר אַפילו ניט, ווען די אָדער יענע יידישע שפּראַך איז אויפגעקומען און ווען זי איז אונטערגעגאַנגען. די השע־רות גייען זיך פונאַנדער ניט אין צענדליקער נאָר אין הונדערטער יאָרן. בין איך ניט באַרופן אַזאַ געשיכטע צו שרייבן און אודאי קען דאָס ניט געטאָן ווערן אין אַן איינצלנער אַרבעט. נאָר אייניקע געשיכטלעכע דאַ־טן זאָלן דאָ געבראַכט ווערן, כדי צו אילוסטרירן דעם געדאַנק וועגן דער דויערהאַפטיקייט פון יידישע גלות־שפּראַכן און כדי מיט טרוקענע ווערטער צו באַשרייבן אַן עפּאָפּייע, וואָס איז ווערט ניט בלויז באַשריבן, נאָר

---

51) Б. В. Миллер. О кубинском говоре татского наречия евреев Кавказа. Записки Института востоковедения Академии Наук СССР, т. I. Ленинград, 1932.

אויך באזונגען צו ווערן, ווי אַלע גרויסע ווונדערלעכע פּאַסירונגען פון דער יידישער געשיכטע און ווי אַלע אַנדערע דערהויבענע מאָמענטן פון יידישן גייסטיקן העראָאיזם.

לאָמיר אויך אין דעם פּאַל אָנהויבן פון דער עלטסטער יידישער גלות־שפּראַך — אַראַמיש. יידן אין מצרים, אויסגעוואַנדערטע פון א״י, נעמען ניט איבער די שפּראַך פון די מצרים, נייערט האַלטן אויף אין אַ משך פון הונדערטער יאָרן אַראַמיש אַלס זייער אומגאַנגס־שפּראַך. יידישע פּאַפּירוסן פון עלעפאַנטין פון פינפטן און פירטן יאָרהונדערט פאַר דער אָנגענומענער צייט־רעכענונג זענען געשריבן אין אַראַמיש. און וואָס איז נאָך מער וווּנדער איז, וואָס נאָך פון צווייטן יאָרהונדערט, ד. ה. טיף אין דער העלעניסטישער עפּאָכע, געפינט מען נאָך דאָקומענטן און אַקטן אויף אַראַמיש געשריבן 52). משמעות, אַז ניט בלויז איז דער איבערגאַנג פון יידן צו גריכיש געווען אַ לאַנגער פּראָצעס, נאָר אַז אויך ניט אַלע יידן זענען מיטגעשלעפּט געוואָרן מיט דעם מעכטיקן העלעניזאַציע־שטראָם.

אָבער נאָך אַ סך האַרטנעקיקער איז געווען דער קאַמף פון אַראַמיש אַנטקעגן אַ צווייטן קולטור־שטראָם, וואָס האָט פאַרפלייצט גאַנץ פאָדער־אַזיע נאָך די נצחונות פון אַראַבישן חיל פון מחמד, וואָס האָט, פּונקט ווי אַלכסנדער דער גרויסער מיט טויזנט יאָר פריער לערך, באַגרינדעט ניט בלויז אַן אימפּעריע, נאָר אויך געשאַפן אַן אוניווערסאַלן רעליגיעזן קולטור־קרייז. אין זיבעטן יאָרהונדערט פאַלט בבל אַרונטער אונטער דער הערשאַפט פון

52) J. Juster op. cit, tome I, p. 365.

דער אראבישער מאכט. די אַרטיקע באַפעלקערונג גייט אַריבער צום איסלאַם און צו דער אראבישער שפראד. יידן זענען כמעט די איינציקע, וואָס צווישן זיי לעבט נאָך דידאַזיקע „פּרעמדע״ שפּראַך, אַ נוטה למות און שפּעטער שוין — אַ בר מינן (חוץ דעם סיריאַק, וואָס האָט אַלס קריסטלעכע געבעט־שפּראַך זיך נאָך היפּש־לעך לאַנג אויפגעהאַלטן אין מזרח). סעדיה גאון (אָנ־הויב צענטן יאָרהונדערט) איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן סיסטעמאַטיש צו באַנוצן אין זיינע ווערק און אין די שו״ת אַראַביש, אַנשטאָט אַראַמיש. אַראַמיש בלייבט אָבער נאָך די שפּראַך פון פאָלק און אַפילו פון די לומדים ביז צום סוף פון דער גאונים־תקופה, ד. ה. ביז צום אָנהויב פון עלפטן יאָרהונדערט. קומט אויס, אַז אין אַ משך פון דריי יאָרהונדערטער לערך זענען יידן טריי געבליבן זייער לשון, אויף צו להכעיס די צייטבאַדערפענישן און דעם „צייטגייסט״. און ווער ווייסט, צי וואָלט אַפילו דעמאָלט אַראַמיש פאַר־שוווּנדן צווישן יידן, ווען אינצווישן וואָלט דער יידישער צענטער אין בבל ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַן אומ־ברחמנותדיקן ירידה־פּראָצעס, ווען יידן וואָלטן ניט, גע־צוווּנגען דורך דחקות און רדיפות, ווידער געמוזט נע־מען דעם וואַנדערשטעקן, פאַרלאָזן דאָס לאַנד און אי־בערלאָזן דאָרט הינטער זיך אַ לאַנגע און רייכע געשיכ־טע. די ירידה פון אַראַמיש פאַלט צונויף מיטן חורבן פון יידישן בבל, מיטן אומקום פונם גרעסטן יידישן צענטער פון יענער עפּאָכע.

אַראַמיש איז די איינציקע הויך־אַנטוויקלטע יידישע גלות־שפּראַך, וואָס איז באמת אומגעקומען

אלס אַ לעבעדיקע שפּראַך. אָבער וואָס פאַר אַ לאַנג לעבן האָט זי געהאַט, וואָס פאַר אַ רייכע ירושה האָט זי איבערגעלאָזט! אָבער נעמט אַ צווייטע יידישע גלות־שפּראַך — אַראַביש. לעבט זי נאָך עד היום אין וואָרט און שריפט. זי איז די שפּראַך, וואָס איז אין געברויך נאָך איצט אין תימן, אין צפון־אַפריקע און אין אַ רייע אַנדערע מוסולמאַנישע לענדער. פאַרשטייט זיך, ניט די אייגענע, וואָס יידן האָבן אַמאָל באַנוצט אין בבל און שפּעטער אין שפּאַניע. אָבער אויך די אַראַבישע שפּראַך גופא האָט זיך במשך פון דער דאָזיקער צייט היפּשלעך געענדערט און צעשפּליטערט אין צענדליקער דיאַלעקטן. אָבער פּונקט ווי אין דער אַראַבישער שפּראַך איז פאַראַן המשך, אַקוראַט אַזוי איז פאַראַן אויך אַ יידיש־אַראַבישע שפּראַכלעכע טראַדיציע. אַ ראיה האָט איר, אַז סעדיה גאונס אַראַבישע תורה־איבערזעצונג פון טויזנט יאָר צוריק ווערט נאָך איצט באַנוצט פון די תימנער יידן, פּונקט ווי זיי האָבן ביז נאָך ניט לאַנג צוריק געלערנט דעם מורה נבוכים אין אַראַבישן אָריגינאַל 52א).

אויך לאַדינאָ איז שוין ניט קיין יונגע שפּראַך. לכל הפחות איז זי שוין קרוב צו פינף יאָרהונדערט אַלט, אפילו אויב מען זאָל אָנעמען (זע אויבן), אַז ערשט אין „גלות", נאָכן גירוש ספרד, איז די דאָזיקע שפּראַך אַרויס פון די וויקעלעך. אויך זי איז ניט אונטערגעגאַנגען ווען יידן האָבן געביטן זייער וווינאָרט. פאַרקערט, ערשט אין דער פרעמד, פּונקט ווי אונזער יידיש, איז איר יידישער כאַראַקטער געוואָרן אַלץ בולטער און

52א) יעקב ספיר, ספר מסע תימן, אויסגאַבע פון אברהם יערי, ירושלים תש"ה, ע"ע ס"ה, ק"ט.

בפירושער. נאך מער. די שפאניע יידן, וואס האבן אויס־געוואנדערט פון זייער היימלאנד, האבן ניט בלויז ניט אוועקגעווארפן זייער יידיש און זענען ניט אריבערגע־גאנגען א לאנגע צייט צו די לאנד־שפראכן, נאר אדרבה, זיי האבן שפראכלעך אסימילירט מיט זיך, בפרט אויפן באלקאן, די ארטיקע יידן, וואס האבן פריער גערעדט די שפראך פון זייערע לענדער. די ספרדים, וואס זענען געקו־מען זיך באזעצן אין סאלאניק, געפינען דארט גריכישע, איטאליענישע און אשכנזישע קהילות. אבער די יידן פון אנדערע אפשמאם־לענדער זענען, אונטער דער השפעה פון די ניי־איינגעוואנדערטע, אריבער צו זייער לשון. אפילו דער בית מדרש פון די גריכישע יידן האט בא־קומען א שפאנישן נאמען „על קאהאל דע לאס גריע־גאס" 53). פארקערט אבער אין איטאליע האבן די ספר־דים איבערגענומען די איטאליענישע שפראך, הגם אין א רייע שטעט, ווי ליווארנא, טריעסט, ספאלאטא און רא־גוזע זענען זיי פארבליבן ביי לאדינא און נאך אין דער צווייטער העלפט פון ניינצענטן יארהונדערט האט מען דארט אין די בתי מדרשים געדרשנט אויף דער דאזיקער שפראך 54).

נאר אויב ס'איז ניטא קיין געזעץ, אז יידן, וואס באזעצן זיך אין א ניי לאנד, מוזן בכלל, און אודאי שוין ניט תיכף ומיד, אוועקווארפן זייער אלט לשון און אי־בערנעמען די לאנדשפראך, איז אבער אויך ניט קיין חוק, אז זיי מוזן אלעמאל, אומעטום, און אויף לאנג

53) C. M. Crews, ibid. pp. 22-23.

54) Heinrich Loewe, Die Sprachen der Juden. Koeln 1911, S. 36.

אָפּהיטן זייער פּריערדיקע שפּראַך. איך האָב שוין אָנ־געוויזן אויף דעם פאַרשידענעם גורל פון לאַדינאָ אין די באַלקאַן־לענדער און אין די מערב־לענדער. דאָס איי־גענע זעען מיר, אַז פראַנצויזישע יידן, וואָס זענען פאַר־טריבן געוואָרן פון פראַנקרייך און איבערגעוואַנדערט קיין דייטשלאַנד, האָבן פאַרביטן זייער פראַנצויזיש־יידיש אויף עברי־טייטש. אונזער יידיש, וואָס האָט שוין אויך אַ היפּשן יחוס־בריוו, הגם ס'איז שווער מסכים צו זיין מיט מאַקס וויינרייך, אַז ער „שטייגט אַריבער אין אריכת ימים אַלע אַנדערע שפּראַכן וואָס זענען געווען ביי יידן" 55), האָט אַרויסגעוויזן ביז איצט אַ גאָר גרוי־סע ווידערשטאַנדפעאיקייט און אַ גרעסערע אַסימילירונג־קראַפט ווי לאַדינאָ. אַז יידן האָבן פון דייטשלאַנד אויס־געוואַנדערט אין די סלאַווישע לענדער, האָבן זיי זייער „לשון אשכנז" ניט בלויז אָפּגעהיט, פאַרטיפט און באַ־רייכערט, נאָר האָבן אויך שפּראַכלעך אַסימילירט מיט זיך די אָרטיקע יידן מיט סלאַווישע אומגאַנגס־שפּראַכן 56).

די דויערהאַפטיקייט און ווידערשטאַנדספעאיקייט פון אַ יידישער גלות־שפּראַך הענגט אָפּ, ווי שוין גע־זאָגט, פון דער גרויס און פונם קולטור־מצב פון דעם קיבוץ, וואָס באַנוצט זי, אָבער אויך פון דער העכערער אָדער נידעריקער אַנטוויקלונגס־מדרגה, וואָס די באַ־טרעפנדיקע שפּראַך גופא האָט דערגרייכט, און ניט פון,

55) מ. וויינרייך, יידיש. אין אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע, יידן ב'. פּאַריז 1940.

56) א. הרכבי, היהודים ושפת הסלאווים, ווילנע 1867, ע"ע 2-1, 20-18, 28־25, 34-33.

און בכל אופן ניט בלויז פון, די אויסערלעכע אומשטאַנ־דן, וואָס ווירקן כלומרשט אויטאָמאַטיש אויפן בייט אָדער אומקום פון א יידישער שפראַך. ווער עס זאָגט „די יידישע שפּראַכן קומען און גייען", דער איז תופס די יידישע געשיכטע בכלל און די געשיכטע פון יידישע שפראַכן בפרט אויף א מעכאַנישן און ניט אויף אַן אָר־גאַנישן שטייגער. אָבער די וואָס זאָגן דאָס, באַגייען נאָך א צווייטן אָבער ניט וויניקער שווערן פעלער דערמיט: וואָס זיי ניוועלירן אַלע יידישע שפראַכן אויף אונ־טן און נעמען א משל פון די שוואַכערע, כדי אָפּצו־שוואַכן די שטאַרקערע.

# ו. די ירידה פון יידישקייט און פון יידישע שפראַכן. וואָס מיינט דער געראַנגל פאַר יידיש?

אויב מען זאָל ניט רעכענען עמבריאָנען פון געוויסע יידישע גלות־דיאַלעקטן, וואָס האָבן נאָך ניט באַוויזן זיך אויסצופיקן פון דער פרעמדער איי און אַ פשיטא שוין ניט — צו שאַפן דויערהנדיקע ליטעראַרישע ווערטן, געפינען מיר, אַז ביז דער עמאַנציפאַציע־עפּאָכע איז נאָר איין יידישע שפּראַך, אַראַמיש, פאַרשוואונדן אַלס לעבע־דיקע שפּראַך. אַנטקעגן דעם האַלטן זיך נאָך דריי גרוי־סע יידישע גלות־שפּראַכן: אונזער יידיש, אַראַביש־יידיש און לאַדינאָ, חוץ אַ רייע דיאַלעקטן, וואָס קליינע יידישע ישובים באַנוצן זיי נאָך עד היום.

די אמתע ירידה פון יידישע שפּראַכן, אַלס אַן אַל־געמיינער פראָצעס, וואָס נעמט זיי אַלעמען אַרום, הויבט זיך ערשט אָן מיטן אָנקום פון דער נייער צייט: אָפּגעשוואַכט ווערט דער כוח פון די פאַקטאָרן, וואָס האָבן אַמאָל געפירט צום אויפשטיין פון יידישע שפּראַכן. די זיילן פון דער יידישער אמונה ווערן צעטרייסלט און עס צעקרישלט זיך דער יידישער לעבנסשטייגער, וואָס איז מיט איר געקניפּט און געבונדן. די קענטשאַפט פון העברעאיש פאַלט אַלץ מער און מער, צוזאַמען מיט דער קאַטאַסטראָפאַלער מינערונג פון דער צאָל יודעי ספר און מיט דעם שרעקלעכן וווקס פון עם הארצות צווישן

יידן. וויפיל יידן קענען נאך דעם תנ"ך אין אריגינאל? אין בעסטן פאל וועט איר נאך טרעפן יידן, וואס אויב זיי שמעקן נאך אמאל אריין אין תנ"ך, איז דאס אין א ריין־שפראכיקער פרעמדער איבערזעצונג. אלץ קלענער ווערט די צאל פון „אריגינעלע" יידן און אלץ גרעסער — פון די „איבערגעזעצטע", לויט ביאליקס פליגלדיקן אויסדרוק. דער יידישער חדר, ווו ס'איז געשטאנען דאס וויגעלע פון אלע יידישע שפראכן, גייט אונטער. דאס יידיש קינד אין דער גוישער שול ווערט גלייכצייטיק דורכגעזאפט אי מיטן תוך, אי מיט דער שפראכפארם פון דער פרעמדער ציוויליזאציע. יידישע יורידיקציע איז שוין כמעט פארשוונדן. פרעמדע געזעצן און פרעמדע טריבונאלן זענען געווארן פאר יידן ניט בלויז די יורידישע, נאר אויך די איינציקע מאראלישע אויטאריטעט.

זעען מיר מאקע, ווי עס גייען אלץ מער אויס די כוחות פון די דריי גרעסערע יידישע שפראכן, וואס יידן נעברויכן נאך. און אומעטום ביי אלע דריי באגעגענען מיר זיך מיט לערך די זעלביקע דערשיינונגען. די זיידעס און די באבעס, דערציילט אונז מארסעל כהן אין זיין ציטירטן ווערק וועגן אלזשיר, רעדן בלויז אראביש־יידיש; די קינדער זענען צוויי־שפראכיק, (ס'קומט צו פראנצויזיש) און די אייניקלעך ווערן ווידער איינשפראכיק, אבער דאסמאל אויף פראנצויזיש 57). און אין פעץ — די אייגענע מעשה: פראנצויזיש שטויסט אלץ מער ארויס אראביש־יידיש. און הערט ווייטער: דער דיאלעקט גייט אונטער צוזאמען מיטן ספעציפישן יידישן

57) Marcel Cohen ibid. pp. 10-11.

שמייגער; א קינד, וואס גייט אין א פראנצויזישער שול, וועט שוין קיין פאות, פארשטייט זיך, ניט טראגן און וועט אוועקווארפן די יידישע מלבושים פון זיינע זיידעס און טאטעס 58). און איצט — דאס קאפיטל לאדינא. אין בוקארעשט, דערציילט פרוי קריוז, רעדן די עלטערן צווישן זיך און מיט די קינדער לאדינא, אבער די קינדער ענטפערן שוין אויף א באלקאניזירטן פראנצויזיש, דער שפראך, וואס אויף איר רעדן זיי אויך צווישן זיך, הגם זיי קענען גאנץ גוט רעדן לאדינא און אין זייער פראנצויזיש גופא, אויסגעלערנט אין די שולן פון אליאנס איזראעליט, הערן זיך גאר שטארקע אפקלאנגען פון זייער מוטערשפראך. לאדינא ווערט אויך ארויסגעשטויסן דורך רומעניש און די יידישע שפראך פארשווינדט אלץ מער פון די יידישע היימען. דער אונטערגאנג פון חדר (מעלדארעם) שפילט דא ניט קיין קליינע ראלע 59). און אז איר וועט אויפן ארט פון אלזשיר, פעץ און בוקארעשט לייענען פאריז, ניו־יארק און לאנדאן, וועט איר גאנץ גוט קענען פארבייטן אראביש־יידיש און לאדינא מיט אונזער יידיש און דאס בילד וועט ניט אויסזען ניט שענער און ניט קיין סך בעסער.

פון די דריי נאך היינט פארשפרייטע יידישע שפראכן, איז דאס פארשווינדן פון צוויי, אראביש־יידיש און לאדינא, שוין כמעט א געשעענער פאקט. אבער זייער גורל איז ניט דער אייגענער. אראביש־יידיש האט מזל. ער וואלט זיכער אויפגעפרעסן געווארן פון פראנצויזיש, ווען גאט וואלט ניט צוגעגרייט די רפואה פאר דער מכה

58) L. Brunot et E. Malka ibid. pp. IV-V.
59) C. M. Crews ibid. pp. 9-12.

— דאָס אויפקומען פון מדינת ישראל. אויך דאָרט וועט זי אומקומען, אָבער איר ירידה וועט ניט גלייך זיין צום געוויינלעכן גלות־אומקום פון א יידישער שפראַך. וואָרום דאָרט וועט איר ירידה מיינען עליה — דעם איבערגאַנג פון אַן אָרעם און בלויז א טיילווייז יידישן דיאַלעקט צו א רייכן און פול־יידישן לשון — העברעאיש. פאַר די יידישע קבוצים פון די מוסולמענישע לענדער האָט געשלאָגן די שעה פון חסל גלות. נאָך דער פולער ליקווידאַציע פון תימנער גלות, איז געקומען די רייע פון איראַקער און פון צפון ־ אַפריקאַנער. אָבער אויב אויפן אָרט פון אַראַביש־יידיש וועט קומען העברעאיש, וועט לאַדינאָ ביי דער גרעסטער צאָל ספרדישע יידן פאַרשניטן ווערן דורך גוישע לשונות: פראַנצויזיש אין פראַנצויזישן שפראַכגעביט, שפּאַניש אין לאַטיין־אַמעריקע און ענגליש אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער. דער ספרדישער יידישער קיבוץ איז צו קליין אין צאָל, זיין שפּראַך לאַדינאָ איז אַזוי ווייניק שעפעריש געווען אין דער פאַרגאַנגענהייט, אַז ס׳איז קיין וווּנדער ניט, וואָס איר חיות גייט איר אויס שטיל, כמעט אָן ווייטאָג און אָן ווידערשטאַנד. און דאָרט וווּ קיין אינעווייניקסטער ווידערשטאַנד איז ניט פאַראַן, זענען ליכט גובר די אויסערלעכע באַדינגונגען, וואָס שטויסן יידן צו שפּראַכלעכער אַסימילאַציע.

די איינציקע יידישע שפּראַך, וואָס ווערט נאָך איצט גערעדט פון מיליאָנען, איז אונזער יידיש. זי איז אויך די איינציקע, וואָס קאָן אויפווייזן ניט בלויז א יחוס פון צייט, נאָר אויך א יחוס עצמה, א רייכקייט פון גייסטיקע ווערטן. דאַרפן מיר זיך און אַנדערע, בפרט יענע, וואָס זאָגן: מה רעש, יידיש איז ניט די ערשטע גלות־

שפראַך, וואָס איז ביי יידן אונטערגעגאַנגען און דאָס יידיש פאָלק לעבט ב"ה ווייטער, דערמאָנען דעם „קליי־נעם" חילוק צווישן אַמאָליקע און היינטיקע צייטן. וואָלט יידיש געדאַרפט אונטערגיין מיט טויזנט אָדער אַפילו מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק, וואָלט דאָס אויך געווען אַ טראַגיש געשעעניש, אָבער דאָך ניט קיין גאַ־ציאַנאַלער אומגליק. אַמאָליקע צייטן וואָלט אַנשטאָט דעם אשכנזישן יידיש אויפגעשטאַנען אַן אַנדער יידיש. היינט זענען אויף דעם, דערווייל בכל אופן, קיין שום שאַנסן ניטאָ. ד אָ ס ג ע ז ע ץ פ ו ן א ו י פ־ ק ו ם פ ו ן י י ד י ש ע ש פּ ר אַ כ ן א י ן ג ל ו ת א י ז א י ן ד ע ר נ י י ע ר צ י י ט אָ פּ ג ע ש אַ פ ט ג ע וו אָ ר ן, אויב ניט אויף אייביק — ווער קען נביאות זאָגן פאַר דער ווייטער צו־קונפט ? — איז לכל הפחות פאַר די נאָענטע צייטן, וואָס מיר קענען פאָרויסזען. א ו י ף ד י ח ו ר־ ב ו ת פ ו ן ע ב ר י ־ ט י י ט ש וו ע ט ק יי ן ע ב ר י ־ ע נ ג ל י ש נ י ט א ו י פ ש ט יי ן. און קיין נייער דזשודעזמאָ אין לאַטיין־אַמעריקע — אויך ניט. דער געראַנגל פאַרן קיום פאַר יידיש גייט דערום אַן ניט בלויז פאַר דער דאַזיקער שפּראַך, נאָר איז אַ גע־ראַנגל קעגן דעם פאַרשווינדן פון דער ל ע צ ט ע ר י י ד י ש ע ר ש פּ ר אַ ך א י ן ג ל ו ת. וואַ־רום ניט בלויז זענען ניט מער פאַראַן די פאַקטאָרן, וואָס האָבן געשטיצט די יידן צו אַן אייגענער שפּראַך, נאָר עס פעלט אויך ביי היינטיקע יידן, בכל אופן ביי זייער פירערשאַפט, דער מינדסטער ווילן דערצו. אדרבה, מיט אַלע כוחות וואָלטן היינטיקע יידישע מנהיגים זיך אַנט־קעגנגעשטעלט, אויב עס וואָלטן זיך ערגעץ ווו באַוויזן

די שוואַכסטע סימנים פון אַ נייער יידישער שפּראַך־בילדונג. די כונה ביים איבערנעמען אַ פרעמדע שפּראַך איז איצט פּונקט אַ פאַרקערטע ווי אַמאָל.

מיר האָבן שוין געזען, אַז אַמאָליקע צייטן האָט די פרעמדע שפּראַך לכתחילה געדאַרפט דינען בלויז ווי אַ טעכנישע שפּראַך, ווי אַ מיטל פון קאָמוניקאַציע מיט פרעמדע, און בעת ס'איז געקומען די צייט, זי זאָל ווערן פאַר יידן אַ קולטור־מכשיר, איז זי שוין מער קיין פרעמדע ניט געווען, נאָר היפּשלעך פאַר־יידישט. יידן האָט ווייניק וואָס געקימערט, וואָס זיי האָבן זיך באַנוצט מיט פרעמדע ציגל, צונויפגעשלעפּט פון דאָ און פון דאָרט, אַבי דער גאַנצער בנין איז געווען אַ יידישער. האָבן זיי, צוזאַמען מיט דער לאַנדשפּראַך, צו־נויפגענומען ברעקלעך און שטיקלעך פון פאַרשידענע שפּראַכן פון אַנדערע לענדער, נאָענטע און אַפילו ווייטע, און זיי אַלע צוזאַמענגעקנאָטן מיט לשון קודשדיקע ווער־טער און באַהויכט מיטן גייסט און מיטן חן פון דער הייליקער שפּראַך. יידן האָט ניט געאַרט, וואָס דערמיט האָבן זיי „אומריין" געמאַכט די לאַנדשפּראַך. גראָד די „באַרבאַריזמען", פון קוקווינקל פון דער פרעמדער שפּראַך, האָבן זי געמאַכט ריינער און נאַטירלעכער פאַרן יידישן גוסט. און איינמאָל די פרעמדע שפּראַך איבער־גענומען, האָבן זיי גאָר קנאַפּ געזאָרגט פאַר איר ליטע־ראַרישן לבוש. זייער לשון האָט ניט מיט־געמאַכט די עוואָלוציע פון דער פרעמדער אַפּשטאַם־שפּראַך. יידן האָבן געהאַט באַציאונגען מיטן פאָלק אַרום, אָבער זיי האָבן ניט גע־האַט קיין באַציאונג צו זיין

גײסט, זיך נשמהדיק מיט אים ניט באהעפט און במילא אויך ניט מיט זײן שפּראַך, אַלס אױסדרוק־פאָרם פון אָט דעם גײסט. אַלע יידישע גלות־שפּראַכן האָבן, צווישן אַנדערע, דעם געמײנזאַמען שטריך, וואָס זײ האָ־בן אָפּגעהיט אַלטע ווערטער, גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען און ווענדונגען, וואָס ביים פאָלק אַרום זענען זײ פאַר־שוווּנדן פון געברויך. ניט צוליב קאָנסערוואַטיזם האָבן יידן זיך געהאַלטן ביי שפּראַכלעכע אַרכאַאיזמען, ווי עס מײנט נײבויער 60), נאָר פּשוט דערפאַר, וואָס יידן אַמאָל זענען געבליבן מחוץ פון דער קולטור־ספערע פון די פעלקער און במילא האָבן זײ ניט געהאַט קײן חלק אין דער בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג פון זײערע שפּראַכן.

גאָר אַנדערש איז די לאַגע הײנט צו טאָג. אז יידן נעמען איצט איבער אַ פרעמדע שפּראַך, טוען זײ דאָס לשמו ולשמה, צוליב איר קולטור־ווערט און כדי אײַן איר זיך גײסטיק אויסצולעבן און זיך אינגאַנצן אויסצו־דריקן. ציטערן זײ איבער דער דאַזיקער שפּראַך ווי אי־בער אַן אײגענער און אַפילו, כמנהג גרים, נאָך מער. רעדט מען ענגליש, מוז מען רעדן מיטן קנאַק, דווקא מיטן אָקספאָרדער אַקצענט און דער סטיל מוז זײַן עלעגאַנט, כפתור ופרח. הײנט ווי קען קען מען זיך אײנ־שטעלן אַרײנצוברענגען העברעאישע ווערטער אָדער באַ־נוצן יידישע אותיות אין שריפט. און צו וואָס דאַרף מען זײ ? יידן האָבן ניט דעם מינדסטן חשק זיך צו מאַ־טערן, כדי אַן אײגענע שפּראַך צו שאַפן, אַז זײ קענען

60) A. Neubauer, On Non Hebrew Languages used by Jews,, Jewish Quarterly Review, vol. IV (1892).

אַז מי און טירחה לעבן פון גרייטן, ווי אמתע פּאַראַזיטן, און שניידן דאָרט, ווו אַנדערע האָבן געאַקערט און גע־זייט.

נאָר איין איינציקע אַנאַלאָגיע צו אונזער צייט, און אויך ניט קיין פולע, קען מען געפינען אין דער געשיכ־טע פון יידישע שפּראַכן אין דער פאַרגאַנגענהייט — אין גריכיש. די העברעע קלאַסן צווישן די יידן אין מצרים האָבן אונטער די פּטאָלאָמעער און שפּעטער אונטער דער רוימישער הערשאַפט באַנוצט ניט די פאָלקסשפּראַך פון דער באַזיגטער אַרטיקער באַפעלקערונג, נאָר די אָפיציעלע שפּראַך פון די זיגער — גריכיש, וואָס איז גלייכצייטיק געווען די שפּראַך פון דעם גאַנצן העלע־ניסטישן קולטורקרייז. דעמאָלט, ווי איצט, איז די שפּראַכלעכע אַסימילאַציע געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט אַסימילאַציע בכלל, די ביאָלאָגישע ניט אויסגענו־מען. און פּונקט ווי איצט, האָט די שפּראַכלעכע אַסי־מילאַציע געפירט צו דער ירידה פון העברעאיש, וואָס מען האָט בלויז צום טייל נאָך באַנוצט אין דער סינאַגאָגע. אויך די מאָטיוון, וואָס האָבן געשטויסן יידן אין דער העלעניסטישער תקופה זיך צו אַסימילירן בכלל און שפּראַכלעך בפרט, זענען געווען די אייגענע ווי אין אונ־זערע צייטן: מאַטעריעלער ווווילזיין, פאַרבונדן מיט יורי־דישער גלייכבאַרעכטיקונג און סאָציאַלער גלייכשטעלונג. די באַזיגטע מצרים זענען געוואָרן בירגער פון צווייטער מדרגה, באַגרענעצט אין זייערע רעכט און געדריקט פון דער לאַסט פון שווערע שטייערן און צוואַנגסאַרבעט. צו־שטיין צו די הערשער, זיך באַהעפטן מיט זייער קולטור און שפּראַך, האָט געמיינט זיך דערהויבן בירגערלעך און שטייגן ווירטשאַפטלעך.

און מאָדנע ווי אין אונזער נעאָ־העלעניסטישער עפּאָכע אין דער יידישער היסטאָריע חזרט זיך די געשיכטע איבער. יידן אין רוסלאַנד האָבן, איידער עס האָבן אַהין איינגעוואַנדערט דייטשע יידן, גערעדט אויף די אָרטיקע סלאַווישע דיאַלעקטן. אָבער רוסישע יידן אין דער נייער צייט, בעת עס האָט זיך ביי זיי אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, גייען ניט אַריבער צו די אָרטיקע שפּראַכן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, נאָר צו דער הערשנדיקער שפּראַך פון לאַנד — רוסיש. פּונקט אַזוי גייען איבער די „געבילדעטע" יידן פון די מוסולמענישע לענדער פון יידיש־אַראַביש ניט צום ריינעם אַראַביש, דער שפּראַך פון די שוואַכערע, נאָר צו פראַנצויזיש — דעם צייכן פון הערשאַפט און ווילזייער אין פראַנצויזישן קאָלאָניאַלן געביט. יידישע אַסימילאַציע איז תמיד פאַרגעקומען מיטן אויסקוק אויף אַ העכערן „שטענדינג", אַ רעאַל־מאַטעריעלן און אַן אילוזאָריש־גייסטיקן.

נאָר לאָמיר זיך, נאָך אָט דער קורצער אַנאַלאָגיע צווישן אַמאָליקן און היינטיקן העלעניזם, זיך אומקערן צוריק צום אַמאָליקן, ווייל אָט פון דעם נעכטן קענען מיר זיך אָפּלערנען פאַרן היינט אפשר מער ווי פונם היינט גופא.

ניט בלויז אין אלכסנדריה של מצרים, נאָר אין א"י גופא זענען די אייגענע מאָטיוון געווען די וויכטיקסטע, וואָס האָבן געפירט צו דער פאַרשפּרייטונג פון דער העלעניסטישער קולטור און פון דער גריכישער שפּראַך צווישן יידן. ווי אביגדור טשעריקאָווער האָט עס אַזוי גרינטלעך און אַזוי קלאָר באַוויזן, האָבן דער כהן גדול יאסון און זיינע חברים געשטרעבט דערצו, אַז די איינ־

ווינער פון ירושלים זאָלן אָנדערקענט ווערן ווי „אנטיאָ־כיער“, ד. ה. ווי בירגער פון ערשטער מדרגה. דערמיט זענען געווען פארבונדן ניט בלויז „שטענדינג“, נאָר אויך א רייע פריווילעגיעס אויפן געביט פון האנדל, שטייערן און אז. וו. אָבער אומעטום אויפן מזרח איז דער תנאי דערצו דעמאָלט געווען, אַז די שטאָט זאָל אָננעמען א העלענישן כאראקטער אין שפראַך, פאַרוויילונגען און אז. וו. 61). דער לאָזונג פון די רייכע יידישע קלאַסן איז געוואָרן: „לאָמיר זיך פאַרברידערן מיט די ארומיקע פעלקער, ווארום זינט מיר האָבן זיך אָפּגעזונדערט פון זיי, זענען אויף אונז געקומען אומגליקן 62). קומט אויס, אז ניט אנטיכוס עפיפאנעס איז געווען דער איניציאַטאָר פון העלעניזאציע, נאָר די יידישע אויבערשטע שיכטן אליין. און ביקערמאַן, וואָס האָט אָנגעשריבן איינע פון די בעסטע סטודיעס איבער דעם חשמונאים־אויפשטאַנד, גייט אזוי ווייט, און ברענגט א שלל ראיות פאַר זיין טעזע, אז דער בונט פון די חשמונאים איז לכתחילה געווען אַן אויפשטאַנד פון די טראַדיציע־טרייע יידישע פאָלקסמאַסן קעגן די הערשנדיקע קלאַסן, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך רעפאָרמעס פון דער תורה, פונקט ווי די ערשטע רעפאָרמער פון דער נייער צייט, כדי מעגלעך צו מאַכן פאַר יידן זיך צו באַהעפטן מיטן הערשנדיקן פאָלק און זיין קולטור. און אויב דער אויפשטאַנד איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א מלחמה קעגן דער סיריש־גריכישער הערשאַפט און קעגן קיניג אנטיכוס, האָט אזוי געמוזט געשעען בלויז דערפאַר, וואָס אנטיכוס האָט ג ע־

61) ד״ר אביגדור צ׳ריקובר, היהודים והיונים בתקופה ההלניסטית. תל־אביב תרצ״א. זע בפרט ע״ע 85־86, 162, 205-206.

62) חשמונאים א, א,; ט״ו.

שטיצט די יידישע אסימילאַטאָרן פון יענער צייט 63).

נאָר דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים האָט ניט געקענט אינגאַנצן אויסראָטן די השפעה פון דער גריכישער קולטור און שפּראַך אין א"י. די מאַקאַבעער־דינאַסטיע גופא איז דערנאָך העלעניזירט געוואָרן; אָבער אויך שפּעטער, נאָכן חורבן, געפינט מען נאָך פּילצאָליקע גריכישע ווערטער און ווענדונגען אפילו אין תלמוד ירושלמי. ס'איז קיין ספק ניט, אַז צווישן די געבילדעטע שיכטן איז גריכיש געווען פאַרשפּרייט אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער אָנגענומענער צייטרעכענונג 64).

נאָר אויב אין א"י איז אַראַמיש ראָד געבליבן די יידישע פאָלקס־שפּראַך (יידן, ווי פלאַוויוס דערציילט, האָבן פיינט געהאַט צו באַנוצן פרעמדע שפּראַכן) און העברעאיש איז נאָך געבליבן אפילו די גערעדטע שפּראַך פון אַ טייל יידן ביזן בר כוכבאַ אויפשטאַנד און בכל אופן איז די קענטשאַפט פון העברעאיש געווען היפּש פאַרשפּרייט, איז אָבער די לאַגע פון דעמאָלדיקן צענטער פון דער דיאַספּאָראַ, מצרים, געווען אַ קאַטאַסטראָפאַלע. גריכיש איז דאָרט געוואָרן, ווי געזאָגט, די קולטור־שפּראַך פון די געבילדעטע קלאַסן, וואָס זענען אין די אַלטע צייטן געווען די איינציקע שאַפער פון קולטור.

היינט איז אָבער דער מצב נאָך טרויעריקער, ווארום אין דער אַסימילאַציע בכלל און דער שפּראַכלעכער בפרט

63) Elias Bickerman, Der Gott der Makkabaeer, Berlin 1937, SS. 130, 132, 137.

64) Saul Lieberman, Greek in Jewish Palestine. New York 1942, pp. 15, 21, 37-9.

ווערט, אין דער פאליטישער און קולטורעלער דעמאקראַ־טיע פון אונזער עפּאָכע, אריינגעצויגן אויך דער יידי־שער המון.

פון דער העלעניסטישער תקופה דארפן מיר זיך אָפּ־לערנען צוויי ביז גאָר וויכטיקע זאכן. ראשית: בלויז פאר שפראך האבן יידן קיינמאל קיין קר־בנות ניט געבראכט. א שפראך קען דעם יידן ווערן נאָ־ענט נאָר ווען זי איז א פאָרם פאר א נאָענטן און היי־ליקן אינהאלט. די חסידים און די חשמונאים וואָס האבן געקעמפט קעגן דער גזירה פון אנטיכוס, האבן געקעמפט פארן יידישן גאָט, בכן — פארן יידישן פאָלק און במילא אויך פאר זיין שפראך. והשנית: דער קאמף קעגן א פרעמדער שפראך האט געמיינט דאָהט און דעמאָלט, ווו און ווען יידן זענען געווען יידיש־צווייִשפּראכיק, א קאמף פאר ביידע שפראכן, אויב ניט אינם באַ־ווּסטזיין פון די קעמפער, איז בכל אופן לויט די אָב־יעקטיווע רעזולטאטן פונם קאמף. וואָרום געזען האבן מיר, אַז דאָרט, ווי אין אלכסנדריה, ווו גריכיש האט געזיגט, האט זי פארטריבן סיי העברעאיש, סיי אראמיש. און דאָרט, ווי אין א"י און בבל, ווו יידן האבן מנצח געווען גריכיש, האבן העברעאיש און אראמיש ביידע גע־לעבט און געבליט. די וואָס רעדן זיך איין, אַז אסימי־לאציע וועט אומברענגען נאָר די פאָלקסשפּראך און שאַ־נעווען אונזער נאציאנאלע שפּראך, אָדער פארקערט, וועט זיך פארמעסטן בלויז אויף דער אלטער און „טויי־טער" שפּראך און אדרבה ואדרבה אפהיטן ווי דאָס עפּעלע פון אויג די לעבעדיקע שפּראך פון די מאסן, דער לעבט איין א גרויסן און פאטאלן טעות. זאָלן די טרויעריקע רעזולטאטן פון דער השכלה עדות זאָגן אויפן

ערשטן און דער עקספערימענט פון סאָוויעט־פאַרבאַנד — אויפן צווייטן מעות. ביידע שפּראַכן שווימען קעגן שטראָם. איטלעכע באַזונדער וועט געווים אומקומען, נאָר אויב זיי וועלן זיך האַלטן פעסט ביי די הענט און איינע די אַנדערע מוטיקן און שטאַרקן, דעמאָלט קענען זיי זיך צוזאַמען ראַטעווען.

ביאַליק האָט אין זיין שוין ציטירטן רעפעראַט אַרויסגעבראַכט אַ טיפן געדאַנק. אויב העברעאיש, האָט ער געזאָגט, האָט זיך אויפגעהאַלטן אין גלות, איז דאָס געשען ניט בלויז דערפאַר, ווייל די קוואַלן פון יידישער שאַפונג אויף העברעאיש, אַלס שריפט־שפּראַך, זענען קיינמאָל ניט פאַרטריקנט געוואָרן, נאָר אויך מחמת דעם, וואָס העברעאיש האָט זיך באַהעפט מיט דער לעבע־דיקער יידישער פאָלקסשפּראַך פון איטלעכן פע־ריאָד און פון איטלעך לאַנד און פון דער דאָזיקער באַ־העפטונג איז איר צוגעקומען חיות. דורך דער גערעד־טער שפּראַך, איז איר ווירקונגס־ספערע פאַרברייטערט געוואָרן און איר פּאָזיציע ביים פאָלק געשטאַרקט גע־וואָרן. נאָר ווייל אין אונזערע טעג האָט די אַסימילאַציע געשלאָגן טיפע וואָרצלען אַפילו אין דער יידישער רע־נעסאַנס־באַוועגונג, האָט עס געקענט פּאַסירן, אַז עס זאָלן זיך געפינען אַזוינע נאַציאָנאַלע יידן, וואָס זאָלן ניט באַמערקן די חשיבות פון אַ יידיש לשון פאַרן יידישן קיום אין דער פרעמד און ניט זען, וויפיל געזונט עס קומט דערפון צו העברעאיש גופא.

ווייל מען אונז טרייסטן, אַז אויב יידיש איז אַ יורד, האַלט העברעאיש אין איין שטייגן אַפילו אין גלות. און מען טייטלט מיט די פינגער אויף די זעלטענע עק־

זעמפּלאַרן פון יידישע יונגעלייט, וואָס קענען נישט קיין יידיש, דערפאַר אָבער האָבן זיי זיך אויסגעלערנט העב־רעאיש. פרייען מיר זיך אַלע מיט די דאָזיקע פאַלן פון יידן, מער אָדער ווייניקער אַסימילירטע, וואָס זענען דורך העברעאיש צוריקגעקומען צו יידן און צו יידיש־קייט. אָבער צי קען מען, אויב מען האָט אַ ציטעריק יידיש הארץ, גלייכצייטיק ניט קלאָגן, וואָס יידיש ווערט פאַרשניטן פון דער מויל פון מיליאָ־נען, בעת העברעאיש לעבט אויף אין גלות ביי טויזנטער אָדער, אין בעסטן פאַל, ביי צענטלי־קער טויזנטער. פרעגט זיך, וואָס איז בעסער געווען, בעסער פאַר יידן און געזינטער פאַר העב־רעאיש : צען מיליאָן יידן, וואָס האָבן גערעדט יידיש און באַנוצט, במילא, לאָמיר זאָגן, 10—15 פּראָצענט העברעאישע ווערטער און דורך יידיש זיך באַהעפט און דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן גייסט פון אַט דער שפּראַך, אָדער צען מיליאָן יידן וואָס רעדן גויש, און צווישן זיי געפינען זיך טויזנטער, וואָס קענען העברעאיש, און דאָס אויך ניט הונדערטפּראָצענטיק נאָר הלואי טאַקע די אייגענע 10—15 פּראָצענט וואָס יידיש איז אין זיך כולל ? פרעגט ביי דער אַריטמעטיק, וועט זי אייך זאָגן, אין וואָסער פאַל איז די קענטשאַפט פון העברעאיש מער פאַרשפּרייט צווישן יידן און איר גייסט לעבעדיקער ביי זיי.

עס רעדט זיך דאָ, ווי ס'איז קלאָר, בלויז פון גלות. אין ישראל קען און דאַרף העברעאיש און בלויז העברעאיש זיין די אַלגעמיינע יידישע שפּראַך. אָבער דאָס מיינט ניט, אַז יידיש, כל זמן זי

איז פאר א געוויסן טייל יידן אין ישראל גופא זייער מוטער־ און פאלקס־שפראך, פארדינט ניט קיין בכבודי־קע באציאונג צו זיך. דער גערינגסטער זלזול פון דער דאזיקער יידישער שפראך, און ווער רעדט נאך — אפע־נע און פארשטעלטע רדיפות קעגן איר, אלס שריפט־שפראך, זענען מענטשלעך און יידיש־נאציאנאל פשוט ניט צו באגרייפן. א ב ע ר צ ו ז א מ ע ן מ י ט ן ס ו ף פ ו ן ג ל ו ת, מ ו ז ק ו מ ע ן ד ע ר ס ו ף פ ו ן י י ד י ש ע ג ל ו ת ־ ש פ ר א כ ן. און זייער אומקום, מעג עס זיין ביז גאר טראגיש פאר די, וואס האבן זייער גאנץ לעבן מיט איינער פון די דאזיקע שפראכן געלעבט, אין אונזער פאל — מיט יידיש, און א פשיטא שוין פאר די, וואס האבן איר זייער גאנצע שאפונגס־קראפט, זייער מארך און זייער הארץ אפגעגעבן, וועט צוליב זייער גלגול אין העברעאיש זיין א נאציאנא־לער אויפשטייג. אבער איידער די שעה פון אויסלייזונג האט געשלאגן פארן גאנצן פאלק, אדער לכל הפחות פאר א גרויסן טייל זיינעם, וואלט די אויפלייזונג פון יידיש, צוזאמען מיט אנדערע דערשיינונגען פון נאציא־נאלער ירידה, אפשר אויך געווען א דערנענטערונג צום סוף פון גלות, אבער א ס ו ף נ י ט ד ו ר ך א ו י ס־ ל י י ז ו נ ג, נ א ר ד ו ר ך א ו י פ ל י י ז ו נ ג, דורך אונטערגאנג פון יידן אין גלות, וואס וועלן שוין ניט האבן קיין תקומה ניט דא, אין יידישן לאנד.

צי איז אבער, זאגן אנדערע, שוין ניט נגזר געווארן, אז יידיש מוז אונטערגיין, וצי איז דען ניט סיי ווי איר גורל פארחתמעט און פארזיגלט ? געוויס דארף מען זיך ניט איינרעדן, אז אויפהאלטן יידיש איז פון די גרינגע זאכן. פון זיך אליין וועט יידיש ניט לעבן. פון

זיך אַליין קען זי נאָר אומקומען. ס'איז שוין געזאָגט געוואָרן, אַז דער געזעץ פון אויפקום פון יידישע שפּראַכן אין גלות איז איצט מער ניט גילטיק. ניטאָ ביים יידי־שן פאָלק ניט קיין כוחות און ניט קיין ווילן פאַר אַ נייער שפּראַכלעכער שאַפונג. אָבער ווער קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז ס'האָט זיך אויס־געלאָזט אויך דאָס ביסל כוחות אויפצוהאַלטן לאָס באַ־שאַפענע. ווייסן מיר דאָך, ווי גרויס ס'איז די קראַפט פון אינערציע און טראַדיציע, אויב ס'איז נאָר פאַראַן אַ שטיקל ווילן אויף זיי זיך צו שטיצן און פון זיי גע־שטיצט צו ווערן. הייַנטיקע יידן וואָלטן מסתמא ניט ראוי געווען צו שטיין ביים באַרג סיני און מקבל צו זיין די תורה. אָבער אין זכות פון יענע יידן, וואָס זענען דער־צו יאָ גרייט געווען, און פון יענע דורות יידן, וואָס האָבן די תורה מסיני טייער געהאַלטן, גלויבן מיר, בכל אופן מוזן מיר דערין גלויבן, אַז מיר, און זאָל זיין נאָר די בע־סערע פון אונז, וועלן נאָך האָבן גענוג מוט און ווילן ניט צו דערלאָזן, אַז דאָס ליכט פון יידישקייט, וואָס צאַנקט נאָך אין יידישע הערצער און יידישע היימען, זאָל אויף אייביק פאַרלאָשן ווערן. געוויס האָט יידיש ניט די איי־גענע חשיבות, ווי די אַנדערע יידישע אינהאַלט־לעכע ווערטן און הייליקייטן. אָבער אין עצם איז דאָס ריכטיק אויך פאַר יידיש לשון, און זאָל זיין אין אַ קלענערער מאָס. נאָר אויך די קליינע מאָס איז גענוג צו באַרעכטיקן אונזער באַגער, אַז יידיש זאָל לעבן, און דעם גראַנגל פאַר איר קיום. איין תנאי איז אָבער פאַ־ראַן דערצו. און דאָס איז: דער קיום פון יידיש איז מעגלעך נאָר, ווען זי וועט זיך צוריקקערן צו דעם מקור.

פון וואַנען זי האָט איר ערשטע יני־
קה געצויגן — צו יידישקייט, ווען
זי וועט ווידער צופאַלן צו דער
מוטערס ברוסט, וואָס פון איר
האָט זי געזויגן — צו העברעאיש.
אין אונזערע טעג פון דאָסניי געבוירן און ווי־
דעראַמאָל געהייליקט געוואָרן אין די חבלי לידה, אין
דעם קאַמף און אין דער שעפערישקייט פון ישראל. נאָר
ווען זי וועט זיך צו זיי ווידער צוטוליען, וועט זי אין
זייער וואַרעמקייט זיך דערוואַרעמען און אין זייער זכות
אויסלעבן אַלע יאָרן, וואָס זענען איר באַשערט. אָן
יידישקייט און אָן העברעאיש הערט יידיש אויף צו זיין
אַ יידיש לשון און קיינער באַדאַרף עס ניט מער.

וועט דער דאָזיקער תנאי מקוים ווערן, איז די האָפע־
נונג פאַר יידיש ניט פאַרלאָרן. די געשיכטע האָט זי
פאַרמישפּט, זאָגט מען. אָבער די אַזוי גערופענע געזעצן
פון דער געשיכטע ווערן פון מענטשן געמאַכט און ניט
פאַרקערט. אויב וויקטאָר הוגאָ האָט אַמאָל, רעדנדיק
וועגן דער הויפּטשטאָט פון פראַנקרייך, געקענט אויס־
רופן: „פּאַריז, דו וועסט די געשיכטע אַוועקשטעלן אויף
די קני״, איז ווער מער באַרעכטיקט דאָס צו זאָגן ווי
מיר יידן, מיר, וואָס האָבן באַוויזן אין משך פון אונ־
זער גאַנצן גלות־לעבן אונטערטעניק צו מאַכן צו אונ־
זער ווילן די געזעצן פון דער געשיכטע, געשריבן פון
גוים, פון די נאָרמאַלע פעלקער. און אויך איצט, אויב
מיר וועלן זיך פאַר זיי ניט בויגן,
וועלן זיי זיך פאַר אונז בויגן.

יידיש מוז ניט אונטערגיין, הגם זי קען אונ־
טערגיין. אויף איין זייט פון דער וואָגשאָל ליגן גלויבן

און עקשנות. אויפן צווייטן — צווייפל און ווילנלאזי־
קייט. און צווישןביידע צאפלט זיך דאס הארץ פון אונ־
זער מאמע־לשון.

וואס האט די צוקונפט פאר אים צוגעגרייט ? — דער
ויכוח וועגן דעם איז א סטערילער, ווארום ווער פון אונז
קען אראפנעמען דעם שלייער פון פנים פון קומענדיקע
צייטן. מיר קענען ניט וויסן וואס וועט זיין. מיר
זענען אבער יא מחויב צו וויסן, וואס מיר ווילן.
די גאוני בבל האבן צווישן 7־טן און 11־טן יארהונ־
דערט, ווען די כוואליעס פון אראביש האבן אלץ מער
פארשוועכט דאס אראמישע לשון, זיך ניט געחקרנט,
וואס וועט געשען מיט אראמיש שפעטער און אנשטאט
דעם ניט אויפגעהערט ווייטער צו שאפן אויף דער דע־
מאלדיקער יידישער פאלקסשפראך, און דערמיט מחזק
געווען יידישקייט און רייכער געמאכט די ירושה, וואס
אראמיש האט איבערגעלאזט פאר די קומענדיקע דורות.
בלייבט אונז נאר צו גיין אין זייערע דרכים. אמת, מיר
האבן ניט זייער בטחון און ניט זייער עקשנות. אבער
מיט דעם ביסל גלויבן און כאראקטער, וואס איז אונז
געבליבן, דארפן מיר זיך איינגראבן אין דער לעצטער יידי־
שער שפראך־פאזיציע אין גלות און זי האלטן אזוי לאנג
ווי עס לאזט זיך.